יעקב שמואל טויבש

# געזאמלטע לידער

## אין דריי טיילן

ערשטער טייל: לירישע בילדער
צווייטער טייל: סאטירישע פערזן
דריטער טייל: גלייביקע סאנעטן

# אינהאלט

## געזאמלטע לידער

## סאטירישע פערזן

## גלייביקע סאָנעטן



### זיבן יאָר

# פאַרוואָרט

היינטיקע צייטן, דאַכט זיך, איז מען זיך ניט נוהג צו שרייבן הקדמות צו לידער. לידער דאַרפֿן רעדן דורך זיך אַליין. אַ ליד איז אַ פֿרייער פֿויגל, וואָס מען לאָזט אים אַרויס, זאָל ער צעשפּרייטן זיינע פֿליגלען און פֿליען, אין דער וועלט אַריין... אַ ליד איז אַ זאָמען-קערנדל, וואָס מען וואַרפֿט אַריין אין שטח אַריין, זאָל עס זיך, דאָרט ערגעץ, איינ־וואָרצלען און בליען און שפּראָצן און טראָגן פּירות...

פֿונדעסטוועגן, אויב אַ דיכטער שרייבט שוין אַ היפּש ביסל יאָרן און גיט אַרויס „געזאַמלטע לידער", איידער ער האָט די לידער פֿאַר־שפּרייט, אויב ער טרעט צו צום שניט, איידער מענטשן האָבן זיך דערפֿון דערוואוסט, אַז ער האָט פֿריער פֿאַרזייעט, נויטיקט זיך אפשר פֿאָרט אַ שטיקל פּירוש, נויטיקן זיך אייניקע ווערטער, וואָס זאָלן בויען אַ בריק, סיי צו די לייענער, סיי צו די דיכטער־חברים, אַ בריק איבער די לאַנגע יאָרן פֿון אָפּגעריסנקייט...

מיט די דאָזיקע ווערטער בין איך אָבער ניט אויסן, צוצוגרייטן דעם לייענער צו אַ מין וידוי, אויפֿצודעקן פֿאַר אים די סבות פֿון יענעם התבודדות און אַריינצוגיין אין די פּרטים פֿון פּערזענלעכע איבער־לעבונגען, וואָס האָבן צוגעפֿירט דערצו. אויף דעם איז די צייט נאָך ניט געקומען און איז דאָ ניט דער אָרט דערפֿאַר. איין זאַך, מיין איך, מוז איך אָבער יאָ מודה זיין. איך מוז מודה זיין, אַז די סבה פֿון מיין צוריקגעצויגנקייט איז ניט געווען, חלילה, די גלייכגילטיקייט פֿון דער וועלט, צי גאָר די קנאה־שנאה פֿון „בייזע מענטשן" וכדומה אַזעלכע זאַכן, וואָס מען וואָלט זיך געקענט פֿאַרענטפֿערן דערמיט אויף גאָר אַ באַקוועמן אופֿן. ניין, דאָס איז עס ניט געווען, לחלוטין ניט. און איך מוז בעטן ביי מיינע לייענער, זיך דערוויייל צו באַגעניגן דערמיט, אַז דאָס לעבן מיינס האָט עס אַזוי געפֿירט, אַז דאָס לעבן האָט מיך גע־צוואונגען צו שטיין אָפּגעזונדערט, פֿונדערווייטנס און — אַז דאָס איז באַיין־אופֿן ניט געווען קיין מעלה, נאָר פֿאַרקערט, דאָס איז געווען אַ גרויסער, אַ גאָר גרויסער חסרון און אַ שווערער פֿאַרלוסט פֿאַרן מחבר אַליין.

יאָ, מיט מיין לאַנגן שווייגן האָב איך אַ סך אָנגעוואוירן. כ'האָב אָנגעוואוירן די לעבעדיקע באַציאונג צום לייענער, כ'האָב אָנגעוואוירן דעם שטאַרקנדיקן רושם פון ליבֿ און אָנערקענונג און דעם ניט ווייניקער ווירקיקן רושם פון דעם ערלעכן, ערנסטן, קריטישן וואָרט. בקיצור, איך האָב אָנגעוואוירן די וואַרעמע השפּעה פון לעבעדיקע מענטשן, די אָריענ־טאַציע אין דער לעבעדיקער וועלט, וואָס קען זיין אַ ברכה, אַן אמת'דיקער וואוילטיק פאַר דעם שרייבער און וואָס קיין שום פרישות און קיין שום פילאָזאָפיע איז ניט בכוח, דאָס צו דערזעצן.

איז, וואָס־זשע קען איך באַצוועקן מיט די דאָזיקע פאַרשפּעטיקטע ווערטער? דער תכלית דערפון קען זיין נאָר איינער: צו ווייזן, לויט וועלכע השגות איך האָב געטון מיין שטיקל אַרבעט, וואָספאַראַ אידייען האָבן מיך געפירט, צו וואָספאַראַ שיטה איך האָב געשטרעבט און — צו געווינען דערמיט ביי מיינע לייענער פאַרשטענדיקייט פאַר מיינע שוואַכקייטן און מחילה פאַר מיינע טעות'ן. יאָ, איך פיל, אַז אָן אָט דער טיפער פאַרשטענדיקייט, אָן דער האַרציקער סימפּאַטיע מצד דעם לייענער, וואָלט מיר געווען נישט מעגלעך, צו געפינען דעם רעכטן דרך און אָנצוגיין מיט דער אַרבעט, וואָס איך האָב בדעה, אי״ה, אויסצופירן.

איך וועל מיך דאָ ניט אויסלאָזן, פאַרשטייט זיך, איבער דעם תוכן, דעם עטישן און עסטעטישן מיין פון די לידער; ניט, ווי ווייט דאָס, וואָס איך האָב צו זאָגן און דער אופן, אויף וועלכן איך זאָג עס, איז ביי, צי ווירקיק אין דער יידישער ליטעראַטור. דאָס איז דער ענין, דער הויפּט־ענין פון דער קריטיק. אָבער איך מיין, איך מוז דאָ אָנווייזן אויף אַ ריין טעכנישער, ריין עסטעטישער זייט פון מיין אַרבעט, הגם עס איז בולט, אַז סוף כל סוף קען מען, ביי אַ ליד, ניט אָפּרייסן די עסטעטישע טעמים פון די עטישע. איך וויל דאָ אָנווייזן אויף אַ פּרט, וואָס אַ טייל פון מיינע פריינט, יידישע פּאָעטן, נעמט דאָס פון דער גאָר גרינגער זייט און וואָס אין דעם ליגט אפשר איינע פון די סבות פון דער ירידה פון אַ געוויסן צווייג פון דער היינטיקער יידישער פּאָעזיע.

להיפך דערצו, האָב איך געשטרעבט, מיט אַ דייטלעך באַוואוסטזיניקן חוש פאַר די דינים פון פּאָעזיע, נישט מבזה צו זיין די געזעצן פון ריטם און גראַם, וואָס זענען געוואָרן שטאַרק פאַרנאַכלעסיקט אפילו פון אייניקע, אונדזערע גרויסע, אמת'דיקע טאַלאַנטן, ווייל זיי האָבן דאָס באַטראַכט און באַטראַכטן דאָס עד היום פאַר אַ מין „קוואַנטיטע נעגליזשאַבלע", פאַר אַ טפל... איך, פון מיין זייט, בין אַ באַוואוסטזיניקער גראַמען־מאַכער און איך האָב כמעט אַן אויסגערעדטע אָפּנייגונג קעגן יענע פּאָעטישע פאָרמען, וואָס רופן זיך „פרייע ריטמען" און וואָס מען באַגעגנט זיך מיט זיי לעצטנס אַ ביסל צו אָפט, ווייזט מיר אויס... פאַר מיר איז בולט, אַז

דווקא אין דעם אַנידערשטעלן ווערטער אין די קנאַפּע שורות פון אַ געגראַמטן פערז, ליגט דער פרישער כוח, דער באַזונדערער טעם, דער נייער תוכן אויף פון אַן אַלטן וואָרט...

דער „פרייער" ריטמיקער און אַלע יענע שרייבערס, וואָס זענען ניט מקפיד אויף אַזאַ „טפל", ווי ריטם און גראַם, שפּעטן אַמאָל אָפּ פון געגראַמטע לידער און האַלטן זיי פאַר געקינצלט, גע׳מלאכה׳ט, „גע־מאַכט"; און די גראַמען־מאַכער זענען, אין זייערע אויגן, ניט מער ווי פלינקע, אָבער פּוסטע אַרטיסטן, צי גאָר אַ חברה נאַרישע בעל־גאווה׳־ניקעס... וויאַזוי קען עס זיין געמאַלט, טענה׳ן זיי, אַז פון הונדערטער, פון טויזנטער מעגלעכע ווערטער, זאָל דווקא דאָס וואָרט, וואָס גראַמט זיך, זיין דאָס בעסטע, דאָס גלייכסטע, דאָס פּאַסיקסטע אויף אויסצודריקן אַ געפיל, אַ באַגריף, אַ בילד, בקיצור, אַ פּאָעטיש גלייכעניש? זיי אָבער, וואָס זיי לאָזן זיך נישט קרעמפּעווען, נישט קנעכטן, נישט בינדן פון „געבונדענע" פאָרמען, זיי, וואָס היפּן אַרום ווי אויף שטאָלצן, איינמאָל אַהין און איינמאָל אַהער, איינמאָל מיט אַ קורצן שפּאַן און איינמאָל מיט אַ לאַנגן, זיי זענען עס די אויסדערוויילטע, די אתה־בחרתנו׳ניקעס, וואָס זאָגן אַרויס דאָס לעצטע, דאָס איינציקע, דאָס אייביקע וואָרט...

פונדעסטוועגן וויל איך מסכים זיין, אַז די טענה זייערע איז, פאַר זיך אַליין, אַ טענה, עס שטעקט דערין — לכל־הפּחות טעאָרעטיש — אַ שטיק אמת. די צרה איז נאָר, וואָס דער אמת איז און מוז בלייבן אַ טעאָרעטישער. ווייל די טענה וואָלט אפשר געווען אַ פּראַקטישע, אויב זי זאָל זיך באַציען נאָר אויף געציילטע איינצלנע, אויף יחידים, אויף די גאָר, גאָר גרויסע, די גדולי־הדור פון דער פּאָעזיע, אויב זי זאָל זיך באַציען אויף אונדזערע נביאים, להבדיל. אָבער, כדי צו זיין פּראַקטיש אמת, אויף דעם זענען פאַראַן אַ ביסל צו פיל יחידים, צו פיל נביאים אין אונדזער ליטעראַטור. אין דער אמת׳ן, אין דער פּראַקטיקע, זענען דערפאַר אפשר גאָר זיי די בעלי־גאווה, ווייל זיי רעדן זיך איין, אַז זיי באַזיצן דעם לעצטן אויסדרוק, אַז זיי פאַרמאָגן דאָס „וואָרט"...

מיר האָבן צו דעם ענין אַ באַשיידענערן צוגאַנג.

מיר ווייסן, אַז עס זענען פאַראַנען ניט געציילטע בילדער און משלים, וואָס קענען דינען דעם פּאָעט פאַר אַ גלייכעניש, פאַר אויסצודריקן געפילן און געדאַנקען אויף אַ פּאָעטישן אופן. מיר ווייסן, אַז אין יעדער זאַך, אין דעם עולם ומלואו, אין יעדן ווינציקסטן אַטאָם שפּיגלען זיך אָפּ און חזר׳ן זיך איבער די אייביקע, די אייביק גלייכע גזעצן, די נסים פון גאָט... דער פּאָעט אָבער, ער וואָלט דערטרונקען געוואָרן אין דעם ים פון גלייכענישן, עס וואָלט אים ניט מעגלעך געווען, זיך צו אַנטשליסן פאַר איינער פון די אמת׳דיק אומענדלעכע מעגלעכקייטן; פון

אַט דעם רייכטום, פון אַט דעם קוועלנדיקן עשירות אַרום אים, ראַטעוועט אים אַרויס דער גראַם, צי די אַליטעראַציע, צי אַנדערע פּאָעטישע פאַרמען און מיטלען. אַזוי אַרום איז אַ גראַם ניט קיין אויסגעטראַכטע זאַך, ניט קיין געקינצלטע מלאכה, וואָס מען דאַרף דערביי שווער האָרעווען, ווי אַ טייל איז זיך משער, נאָר פאַרקערט, ער פאַרגרינגערט גאָר דעם עסק, ער איז אַ רמז, אַ גדר, „דער גילדענער צוים פון דער קונסט", ווי ד אַ נ ט ע רופט אים אָן. אַט דער צוים באַגרענעצט, כלומר׳שט, די אומענדלעכע צאָל מעגלעכע בילדער און צווינגט דעם פּאָעט, מיט אַ זיסן צוואַנג, צו מאַכן זיין אַנטשיידונג.

אוודאי, אויב עס פעלט דער הייסער אָטעם, דער עטישער פּאַטאָס, דער הייליקער ניצוץ, בקיצור, דער פּאָעטישער תוכן, איז „גראַמען" טאַקע נאָר אַ שפּילעריי, אַן עסטעטישע קונץ, אַ מין קאָמישער ענין, וואָס אונדזער פראָסטער עולם האָט דאָס גאַנץ ריכטיק דערשמעקט, בעת ער שפּעט אָפּ פון די „קורצע שורה׳לעך"... דאָרט אָבער, וואו דער פּאָעטישער תוכן איז פאַראַן, דאָרט זעט דאָס געגראַמטע וואָרט אויס נויטיק, אומבאַדינגט, ווי צוגעשיקט פונעם רוח־הקודש אַליין. דעמאָלט באַקומט דאָס ליד אַ זעלטענעם מין אָפּגעשלאָסנקייט, אַ צווינגענדיקן כוח, אַ כלומר׳שט ניט פאַרענדערלעכע, אייביקע פאָרם, אַ לעצטע גילטיקייט, אַן אַבסאָלוטן אָנזע...

ענלעך פאַרהאַלט זיך עס מיט אַן אויסגעהאַלטענעם, גלייכן ריטם. אוודאי איז פאַראַן ריטם אין די „פרייע ריטמען", פונקט אַזוי, ווי עס קען זיין אָפּגעמאָסטנקייט אין דעם פערלדיקן אַרויף און אַראָפּ פון אַ גוטן פראָזע־זאַץ; פונקט, ווי עס זענען פאַראַן כללים אין דער אַטאָנאַלער מוזיק און האַרמאָניע אין דעם רוישן פון די גלגלים, אין דער נגינה פון די הימלשע ספירות... אין דער פּראַקטיק אָבער איז ווייטער דאָס גלייכע. דאָ, ביי אונדז, אין אונדזער וועלטל, האָבן זיך באַוויזן, דאַכט זיך מיר, צו פיל בעלנים אויף יענער העכערער האַרמאָניע, צו פיל הימלשע כלי־זמרים, צו פיל ספירה־מוזיקאַנטן...

מיר האָבן אויך צו דעם ענין אַ באַשיידענערן צוגאַנג.

פאַר אונדז איז ריטם דער נאָרמאַלער קלאַפּ פונעם האַרץ, דער גלייכער, דער ריטמישער גאַנג פונעם דופק. און אויב עס טרעפט זיך אַ באַזונדערע סבה און דער דופק גייט שנעלער, צי לאַנגזאַמער, קלאַפּט שטורעמדיקער, צי שטילער, איז דערביי אַלץ נאָך פאַראַן אַ מאָס, אַ ליניע, אַ סדר, לכל־הפחות פאַר אַ באַשטימטער פעריאָדע.

אַנטשיידנדיק פאַרן חולה איז נישט אַזוי ווייט די געשווינטקייט, צי די שטאַרקקייט פונעם דופק, נאָר, צי איז ער אַ רעגולאַרער. קומט מען אָבער מיט דער טענה, אַז די צייט איז ניט קיין נאָרמאַלע, אַז די

צייט האָט פּיבער און דערפאַר איז דער פּולס אַ פּיבערהאַפּטער, אַן אומגלייכער, רירט אַזאַ טענה פּשוט אָן דעם אינערסטן קערן, דעם אייגנטלעכן מיין און באַטייט פון פּאָעזיע בכלל. ווייל דער פּאָעט איז דאָך מער, דאַרף דאָך זיין מער, ווי נאָר דער נאַטירלעכער רעפלעקס פון דער ווילד־באַוועגטער צייט. ער דאַרף זיין מער, ווי נאָר דער טערמאָמעטער, וואָס זאָגט עדות אויפן קראַנקן פּולס פון דער צייט. ער דאַרף דאָך זיין דער רופא, דעריעניקער, וואָס העלפט רעגולירן דעם קלאַפּ פון האַרץ, דעריעניקער, וואָס איז מנצח איבער דעם פּיבער, דער, וואָס שעפּט אַרויס זין און טעם און ריטם פון דעם פלייצנדיקן כאַאָס: צייט!

אָט די השגות האָבן מיך געפירט פון די איינפאַכערע, פּאָעטישע פאָרמען, וואָס שיינען אויף אין מיינע יוגנט־לידער, אין די „לירישע בילדער" איבער די לייכטערע „סאַטירישע פערזן" פון דעם שטורעמדיקן יונגן מאַן צו דער שטרענגערער און קאָמפּליצירטערער פאָרם פון די „גלייביקע סאָנעטן", וואָס זענען לעת־עתה געוואָרן די כלי מיינע אויף אויסצודריקן דעם געראַנגל פונעם מאַן, די פּראָבלעמען פון גאָט און פון גלויבן.

במשך פון די יאָרן האָב איך איינגעזען, אַז וואָס שטרענגער און אויסגעהאַלטענער די פאָרם, מער געווינט דאָס ליד כוח און קלאָרקייט, שיינקייט און שפּאַנונג. דער צוואַנג צו רעדן קנאַפּ און אָפּגעמאָסטן, זיך צו באַוועגן אין אַ באַשטימטן ראַם פון פערזן, אין אַ באַשטימטער מאָס פון ריטמען, אין אַ באַשטימטן סדר פון גראַמען, אָט דער צוואַנג איז אויך מסדר דעם געדאַנק און רעגולירט דאָס געפיל. דאָ קען מען ניט אַרומשווימען אין אַ חלל פון האַלב-אויסגעבאַקענע מחשבות, אין אַ ים פון ניט פאַרענדיקטע געפילן, דאָ מוז מען בולט און באַשטימט אַרויס־זאָגן, וואָס מען מיינט און וואָס מען וויל. גראָד דאָס איז אָבער זייער וויכטיק, בפרט ביים רעליגיעזן ליד, וואו מען קען אַזוי לייכט פאַרפירט ווערן, זיך צו פאַרלירן אין דעם אומענדלעכן רוים פון רעליגיעזע דמיונות.

פונדעסטוועגן האָב איך, בנוגע דער פאָרם, פאָרט געמוזט משנה זיין. דער שינוי רירט אָבער ניט אָן יענע באַדינגונגען, וואָס מאַכן פון אַ ליד אַ סאָנעט, דאָס הייסט, די צאָל און די מאָס פון די פערזן. איך האָב נאָר געמאַכט דעם באַזונדערן שריט, איבערצואַנדערשן דעם סדר פון די גראַמען און אים צוצופּאַסן צו איינעם פון די ביזאַהעריקע הויפּט־מאָטיוון פון מיין דיכטונג, צו דעם מאָטיוו פון תשובה. אגב־אורחא איז דאָס אַ סימן, אַז דער תוכן איז פאָרט שטאַרקער און איז בכוח איבערצושמעלצן און צו פאַרענדערן פריערדיקע פאָרמען, הגם — און דאָס איז, מיין איך, כאַראַקטעריסטיש — איך האָב ניט אויפגעגעבן די גרונט־אידייע פון דער

פאָרם, ניט אַוועקגעוואָרפן — אויף אַ רעוואָלוציאָנערן אופן — די אידייע פון סדר, פון מאָס און אָרדענונג בכלל.

אַזוי אַרום איז געשאַפן געוואָרן אַ סאָנעט לויט דעם דאָזיקן, נייעם סדר:

אבאב באבא גדד דדג

אָט דערמיט דאַרף ווערן אויסגעדריקט, אויף ריין פאָנעטיש, די אידייע פון „זיך־אומקערן״, פון „גיין־צוריק״, ווי מען קען באַלד געוואָר ווערן, אויב מען הערט זיך איין אין דעם קלאַנג פון די פערזן. די לעצטע „ג״ איז ווי אַן אָפּקלאַנג פון ווייט, אַ זיך־דערמאָנען, אַ צוריקגיין־צו־אַמאָל, אַ ווידערקול... די פיר „ד״־שורות, איין גלייכער גראַם נאָכן אַנדערן, איין קלאַפּ פון האַמער נאָכן צווייטן, זענען מרמז אויף דעם אומדערבאַרעמדיקן קאַמף, דעם האַרטן צוואַנג, וואָס מען מוז קודם איבערקומען, איידער מען דערגרייכט דעם אַלטן מעמד, דעם אָרט, וואו מען האָט אַמאָל עובר געווען; איידער עס קלינגט צוריק אין אויער אַריין דאָס פריערדיקע, דאָס ערשטע וואָרט, דער לעצטער פערז מיט דעם גראַם „ג״...

מען מוז, פאַרשטייט זיך, דעם גאַנצן רמז מיינעם ניט אָננעמען; ס'איז דאָ אַ ביסל פאַנטאַזיע דערביי. על כל פנים איז די פאָרם אָריגינאַל און באַטייט, אין איין צייט, אַ בראָך מיט דעם קלאַסישן סאָנעט פון דער רענעסאַנס־צייט און איר גריכישער, מער עסטעטישער האַרמאָניע; מיר שטעלן איר אַקעגן אַן אַנדער מין האַרמאָניע, אַ נייע האַרמאָניע, וואָס וואַקסט אַרויס פונעם עטישן תוכן פון ליד, אַ יידישע האַרמאָניע, ד אָ ס  י י ד י ש ע  ס אָ נ ע ט!

עס איז זיכער איבעריק צו באַמערקן, אַז די לידער זענען לכתחילה נישט געשריבן געוואָרן לויט טעאָרעטישע תביעות און אַז איך מאַך די באַמערקונגען נאָר רעטראָספּעקטיוו, אחר המעשה. עס מוז אויך זיין בולט, אַז אַלע די „געבונדנקייטן״ טאָרן נישט אָנרירן די איינפאַכקייט פונעם געדאַנק און דאָס פשטות פונעם לשון, נאָר אַז פאַרקערט, די קלאָרקייט און אויסגעהאַלטנקייט פון דער פאָרם איז אויך משפיע אויף דער קלאָרקייט פונעם געדאַנק און פון דער שפּראַך. דערמיט אָבער מוז איך באַרירן אַ ווייטערדיקן, וויכטיקן און אָנגעווייטיקטן ענין.

איך מיין צו זאָגן, אַז, אַ חוץ דעם, וואָס איינפאַכקייט איז בכלל דער סימן פון אַ קלאָרן סטיל, דאַרף דאָס יידישע ליד בפרט שטרעבן צו פשטות און פאָלקסטימלעכקייט. איך מיין, אַז מיר האָבן אָנגעוואוירן, אין אַ גרויסער מאָס, דאָס שייכות מיט דעם יידישן לייענער ניט צולעצט דורך

געוויסע אויסטערלעשע דרכים, פּאָעטישע עקסטראַוואַגאַנצן, וואָס האָבן ניט קיין פּלאַץ אין דער קעגנווערטיקער, מסוכנ׳ער עפּאָכע פון דער יידישער ליטעראַטור. עס איז מיין פעסטע איבערצייגונג, אַז דאָס ניכטערנע שיכרות פונעם עקספּרעסיאָניסטישן געדאַנקען־אַקראָבאַט, וואָס ער שפּעקולירט אַרום אין ליידיקן רוים, אַז דאָס אומדייטלעכע שטאַמלען פונעם מטושטש׳ן אימפּרעסיאָניסט, אַז דאָס אומענדלעכע אַריינגריבלען אין די אומבאַגרענעצטע טיפענישן פון דעם אייגענעם איך, די אינדיווי־דואַליסטישע איבערטרייבונגען פון דעם אַזוי גערופענעם אינטראָספּעק־טיוון דיכטער, אַז אַלץ דאָס האָט דערווייטערט און אָפּגעשטויסן דעם דורכשניטלעכן יידישן לייענער. ווייל יידיש, מער ווי יעדע אַנדערע שפּראַך פון דער וועלט, איז אַ פאָלק־שפּראַך אין ענגערן זין פון וואָרט, איז דווקא די שפּראַך פונעם פּשוט׳ן פאָלק, איז לכתחילה און אייגנס באַשאַפן געוואָרן צוליב אָט דעם פּשוט׳ן פאָלק, בעת פאַר די אַנדערע, די געלערנטע, איז דאָ געווען לשון קודש מיט זיין געוואַלדיקער ליטעראַ־טור. דערפאַר איז עס אַן אויסדריקלעכער חוב פונעם יידישן פּאָעט, צו שרייבן פּשוט, לייכט פאַרשטענדלעך, פּאָפּולער, אויב איר ווילט...

מיר פאַרשטייען, אַז ביי אַ ליטעראַטור, וואָס איז אויפגעבויט און פעסט פאַרפונדעוועט אויף אַ קלאַסישן יסוד, קענען, במשך פון דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג, אויפבליען אַזעלכע זייטיקע שיטות, ווילדע געוויקסן, עקסאָטישע פלאַנצן, אַזעלכע מיני אינטערעסאַנטע, דעגענע־ראַטיווע דערשיינונגען. האַלטן מיר אָבער שוין אַזוי ווייט ? פאַרמאָגן מיר, צום וויניקסטן אויף דעם פּאָעטישן פעלד, אַזאַ קלאַסישן יסוד ? דערפאַר האַלט איך, אַז דאָס צוריקגיין צו דעם קאָנווענציאָנעלן, פּאָעטישן שטייגער, צו געבונדענע פאָרמען און צו אַ פּשוט׳ן דיבור, איז איינער פון די תנאים, אויף צו געווינען צוריק דעם דערווייטערטן יידישן לייענער.

צום סוף מוז איך נאָך באַרירן איין פראַגע, אין דעם פאַל צוליב פערזענלעכע סבות, די פראַגע פון אויסלייג און אַרטיקולאַציע. ווייל איך מוז מודה זיין — און איך טו דאָס אָן שום בושה — אַז איך לייען און שרייב און מאַך מיינע גראַמען אויפן — קאָלאָמייער שטייגער, דאָס הייסט אַזוי, ווי כ׳האָב געהערט רעדן אין קאָלאָמיי, דעם גאַליצישן שטעטל אין מזרח פון מזרח־גאַליציע, וואו איך בין געבוירן געוואָרן. איך מיין דאָ ניט אַריינצוגיין אין טיפע חקירות און ניט צו פרעגן, צי באַשטייט היינט שוין אַן אַלגעמיין אָנגענומענער נוסח, אַ יידישע „שריפט־שפּראַך״. איך וויל ניט פרעגן, אויף וועלכן אופן עס מאַכט זיך, אַז פון פאַרשידענע דיאַלעקטן זאָל איינער באַקומען דעם כבוד, צו ווערן די „הויכע שפּראַך״ ; צי מאַכט זיך אַזאַ זאַך דורך דעם באַשלוס פון אַ גרופּע שרייבערס, דורך אַן אינסטיטוציע, צי גאָר דורך דעם שעפערישן כוח פון יחידי־סגולה,

וואָס זענען אַזוי שטאַרק משפיע אויף דער אַנטוויקלונג פון דער ליטע־ראַטור, אַז ניט נאָר זייער וואָרט גופא, נאָר אויך דער אופן, אויף וועלכן זיי זאָגן אַרויס דאָס וואָרט, ווערט אָנגענומען אַלס דער גילטיקער. אַזוי, למשל, האָט זיך עס געטראָפן מיט דער איטאַליענישער פאָלק־שפראַך, בעת ד אַ נ ט ע האָט, אין דרייצנטן יאָרהונדערט, געשריבן אויפן פלאָרענטינער דיאַלעקט און דערמיט אים דערהויבן צו דער מדרגה פון דער הערשנדיקער, דער „הויכער שפראַך". איך וויל אויך ניט שטעלן די קשיא, צי האָט זיך דער פאָרגאַנג שוין אָפּגעשפּילט אינעם תחום פון דער יידישער ליטעראַטור, ווייל אויב מען זאָל זיך דערביי וועלן סומך זיין אויף פּ ר צ ' ן, וואָלט די היינטיקע שיטה נאָך לחלוטין ניט געוועזן פאַרענטפערט.

איך וויל דערפאַר נעמען דעם חטא טאַקע אויף מיר אַליין און זיך מודה זיין, אַז — איך קען נישט אַנדערש; אַז אויב איך וואָלט מיך געפּרוּווט שרייבן אַנדערש, גראַמען אויף אַן אַנדערן אופן, וואָלט איך פאַרפאַלשעוועט מיינע געפילן, מיין פּאָעטישן אמת, דעם תוכן, דעם טעם און די שטימונג פון מיין ליד, בקיצור, איך וואָלט נישט געשריבן קיין פּאָעזיע, נאָר באַשריבן פּאַפּיר. בעט איך טאַקע מחילה, בפרט ביים ליטווישן לייענער און איך האָף, ער וועט ניט האָבן קיין פאַראיבל, אויב זיין „לייד" איז ניט גורם מיין „נויט"... איך בין אָבער בטוח, אַז, סוף כל סוף, וועלן מיר זיך פאַרשטיין, אויך אויף קאָלאָמייער יידיש...

און איצט, ליבער לייענער, לאָמיר זיך געזעגענען, טאַקע אויף דעם אַלטן, פּאָעטישן אופן און דווקא מיט אַ ליד, מיט געגראַמטע, קורצע שורה'לעך און זאָל עס זיין אונדז אַלעמען

## צום לעבן!

לאַנג, צו לאַנג האָב איך געטראָגן
טיף אין האַרץ — די טונקעלע נאַכט;
און — דעם פינצטער צו פאַריאָגן —
האָב איך מיך אַרומגעשלאָגן
נישט אין איין מחשבה-שלאַכט.

איצט, לאָז זיין גענוג געלעגן
מיטן מוח אויף דער האַנט;
דאַכט זיך, צייט, אויף אַנדערע וועגן
זיך צום אמת צו דערפרעגן
און צו זיין געבענטשטן לאַנד.

יאָ, ס׳איז צייט, אַנטקעגנהאַלטן
זיין נשמה פֿאַר דער וועלט ;
ווידערשפּעניקע געוואַלטן
מיט אַ שאַרפֿער שווערד צו שפּאַלטן
און צו זיין — אַ לעבנסהעלד !

אפשר אויך אַ פּונק צו זעען
פֿון דעם הייליקן פֿייער־קראַנץ,
בעת אין פעלד די ווינטן ווייען
און די גרינע גראָזן גייען
אין אַ גילדענעם שכינה־גלאַנץ !

און די אויגן אויפצוהויבן
צו דעם בלאָען הימל־צעלט ;
און צו זינגען און צו לויבן
אים, וואָס זעט אַראָפּ פֿון אויבן —
ג אָ ט , דעם האַר פֿון אונדזער וועלט !

געשריבן אין לאָנדאָן, ל״ג בעומר, תש״ו.

יעקב שמואל טויבש.

# נאכט

## נאכט-אנהייב

ס'איז לסוף די זון פֿאַרשוואונדן,
שטיל געוואָרן ווייט און ברייט;
גליענדיק גאָלד איז אָנגעצונדן
פֿאַר דעם אָוונטס הייליקייט.

היימלעך, מיט אַ גלאַנץ פֿאַרגאָסן,
ליגן צינדער באַרג און טאָל;
ס'איז דער לעצטער הילך פֿאַרפֿלאָסן
און דער טאָג — געווען אַמאָל . . .

שווייגנדיק אַראָפּגעשטויגן
איז אַ שאָטן־וועלט. פֿאַרטראַכט,
ווי מיט טויזנט טונקעלע אויגן,
גלאָצט די שטומע, שוואַרצע נאַכט.

## נאכטלעכע וועלט

נאַכט! נאָר פֿונעם מזרח־ראַנד
לייכטן זיך נאָך ליכטער שוואַכע;
אויסטערלעש באַקאַנט דאָס לאַנד —
און איז פֿאָרט ניט מער דאָס גלייכע . . .

זיינע פֿאָרמען, מאָדנע פֿרעמד;
דאָרט, דער שטראָם, מיט העלע פּאַסן . . .
שוואַרצע קזשאַקעס, איינגעקלעמט
אין די וועלדערס טונקעלע מאַסן . . .

גאָר אַן אַנדערע וועלט דערוואַכט
אין דער צייט, ווען מענטשן רוען;
דעמאָלט לעבט און וועבט די נאַכט,
אירע טונקעלע ווערק צו טוען . . .

## תאווה־דיקע נאכט

פאַר דער אויפגעשלאָסענער נאַכט,
פאַר איר אָטעם, דעם צעגליטן,
איז אַ תאַווה אויפגעוואַכט
און אַ טרייב אין די געבליטן . . .

צו דער טיפקייט צוגעקערט,
בלינצן פינקלדיק די שטערן
און אַנטקעגן גאַרט די ערד
מיט אַ גלוסט, אַ זיס באַגערן . . .

אַזש דאָס האַרץ ווערט, ווי פאַרשלאָפט,
און דער מוח אַ צעדרייטער,
פאַר איר פרוכפּערדיקער קראַפט,
פאַר איר שויס, דער אָנגעבריטער . . .

## דאס ברונאלע

דאָס ברונאַלע שטייט זיך, ביחידות, ביינאַכט,
זיין זילבערן וואַסערל זינגט אַזוי זאַכט,
אים הערט נאָר דער וואַלד און דער נאַכטלעכער ווינט . . .
עס פּליעסקעט און גיסט זיך און פליסט אָן אַ סוף,
זיין מורמלען און שושקען הערט קיינמאָל ניט אויף,
מיט סודות, מיט אייביקיע, רוישט עס און רינט . . .

## דאס קוואַלעכל

ביינאַכט האָב איך געטראָפן
אַ קוואַלעכל ביים וועג ;
ס׳איז שטיל, פאַר זיך, געלאָפן,
אָן רעש און אָן געיעג.

פון אונטערערדישע טיפן
קומט עס, לסוף, אַפיר ;
מיך האָט עס צוגערופן
און צוגעשעפטשעט מיר . . .

זיין סודות׳דיקע טענה
האָב איך פאַרנומען דאָרט,
די זיסע קולות זיינע,
דאָס כישוף׳דיקע וואָרט . . .

כ׳האָב מיך אין וועג געקליבן
און הער ניט אויף און טראַכט . . .
אין בוזעם איז פאַרבליבן
זיין סוד — פון ביי דער נאַכט — —

## פאַרשטאָט ביינאַכט

פונעם שטאָט־רעש אָפּגעלעגן,
שפּעט ביינאַכט — איז שטיל און שלום ;
הייזלעך, גערטנער, זאַמדיקע וועגן
אין אַ זילבערבלאָען חלום . . .

און איך בין ווי איינגעשפּונען,
אין היפּנאָטישער השפּעה ;
פּלאָנטע, מיט פאַרמישטע זינען,
דורך חלומות זילבערבלאָע . . .

## אויף דאטשע

פון מיין אָפענעם פענצטער גיי איך
נאָך די טונקעלע שפורן,
זע איך שטיין די שטומע וועלדערס
פינצטערע קאָנטורן . . .

פלוצים — דורך דיביימער־שורות —
דאַכט זיך, שוועבט אַ שאָטן . . .
ווער עס איז דער טונקעלער אורח,
קען איך ניט דעראָטן . . .

## גלגול

עס פאַלט די נאַכט צו אויף דער פרעמדער שטאָט
און מיט איר פאַלט דער פליגל פון מיין מוט.
מיין האַרץ ווערט איינגעהאַלטן אין זיין גאַנג,
ווערט פלוצים שווער און אומעטיק און קראַנק . . .
פאַרצאָגט בלייבט די נשמה מיינע שטיין,
פאַרלאָזט, אין אַנגסטן, נאָר מיט זיך אַליין,
אַליין, ביינאַכט, פאַרוואָגלט, אומבאַקאַנט —
מגולגל אויף איר וועג צום וואָרן לאַנד . . .

## די נאכט-בלום

ווי אַ בלום פון פערפלשוואַרצן סאַמעט
עפנט זיך די נאַכט.
צווישן אירע טונקעלע שאָטן־בלעטער
בלישטשען ראָסע־טראָפּנס.
איבער זיי, פאַרשפרייט, ליגט זילבער־פּאָרך ;
שפּינט זי זילבער־פעדעם . . .
גלעטן קען מען דיינע סאַמעטנע שאָטן־בלעטער,
פערפלשוואַרצע בלום, דו, פון דער נאַכט !

## צום טאג!

פון הימל שייד זיך אָפּ די פינצטערע נאַכט,
דאָס חשכות פאַלט, באַלד שטייגט די זון אַרויף.
די לופט איז שטייף פון שאַרפע אָסיען-פרעסט,
אַ נעפּליק-כמאַרנער גייט דער מאָרגן אויף.

נאָר ס׳האַלט זיך נאָך די נאַכט. מען הערט קיין שאָרך.
נאָך בינט דער שלאָף די מענטשן צו צום הויז;
נאָר פון אַ קוימען רינגלט זיך דער רויך,
אַ בעקער-יינגל פירט זיין סחורה אויס . . .

אַ וואָגן טראַשטשעט אויף דער שטילער גאַס,
אַליין, צווישן די הויכע הייזער-ווענט;
פּאַמעלעך גייט דאָס פערד, דעם קאָפּ אַראָפּ,
דער בעל-עגלה הויכט זיך אָן די הענט . . .

מיט גראָע שאָטנס ווערט זיך נאָך די נאַכט;
אַ לעצטער חלום טיילט מתנות איין;
ער גלעט אַוועק די רונצלען פונעם שטערן,
כישופ׳ט אַ שמייכאַלע אין האַרץ אַריין . . .

דער לעצטער זכר פון דער נאַכט פאַרגייט,
עס הויבט אָן טאָגן און עס פאַלט די קעלט,
עס הויבט אָן רודערן דער מאָרגן-רעש —
אַ נייע זון באַגריסט די וואַכע וועלט!

# זון

## זון-אויפגאנג

פאַרטאָגיקע הימלען דערוועקן
זיך לאַנגזאַם, די נאַכט ווערט פאַרשוואונדן.
בלאַס־גילדענע כמאַרעס באַפּלעקן
זיך רויט, ווי פון בלוטיקע וואונדן . . .

מען גרייט זיך אויף הימלשע גאַסן,
דעם זיגער, די זון, צו באַגריסן;
פון גליענדיק קופּערנע פּאַסן
דערהויבן זיך זילבערנע שפּיזן,

דערהויבן זיך זילבער־טרומייטן,
די פלאַמען־פּרוכת׳ן זינקען —
דער טאָג טרעט אַפיר! אים באַגלייטן
חילות גינגאָלדענע פונקען . . .

## זון איבערן טייך

די הויכע זון, זי שפּילט צום טייך
און זיינע וואַסערן גלאַנצן;
און אויפן וואַסער, זעט זיך, גלייך
ווי קליינע טעלער טאַנצן — —

מיט יעדן ווינט, מיט יעדן צוק,
פאַרבייטן זיך די כוואַליעס;
עס הוידען זיך, ווי אין אַ וויג,
די בלאַנק־פּאָלירטע פּאַליעס — —

## מיטאג איבערן טייך

פאַרדעקט פון ביימער, כמעט גאַנץ
באַהאַלטן, ליגט דער טייך;
קיין שימער פון דער זון, קיין גלאַנץ
טרעפט דעם געדיכטן סכך.

נאָר מיטאָג, בעת — אַ הויכע — בליצט
די זון פונעם צעניט,
ווערט ער עס פון איר בראַנד צעהיצט
און ליגט . . . און רירט זיך ניט . . .

ביז ניט עס גייט אַן אָוונט־ווינט,
דער שטומער פלאַך דערוואַכט
און הויבט אַן ווידמענען און שפינט
זיין לעבן פון — ביינאַכט . . .

## פעלד-וואסערל

צווישן דער אַקער־ערד, צווישן דעם פעלד,
ציט זיך אַ וואַסערל, גיסט זיך און שיסט;
ציט זיך אַ ריטשקאַלע, ענג און פאַרשטעלט,
זעט מען קיין ריוו ניט, קיין וועג, וואו עס פליסט . . .

מיט אַ פאַרבאָרגענעם אוצר אַנטפליט,
שלענגלט זיך דורך דער באַהאַלטענער קוואַל;
נאָר אין דער זון שיינט עס אויף און עס גליט,
בליאַסקעט און בלישטשעט דער טייערער מעטאַל . . .

## פאנאראמע

אין לעצטן גלאַנץ פון שקיעת־החמה
ליגט עס, צו מיינע פיס, דאָס לאַנד,
אַ פלאָים׳דיקע פּאַנאָראַמע,
פאַר מיינע אויגן אויסגעשפּאַנט . . .

עס ווייזט זיך מיר, אַדאָ, פון אויבן,
ברייט־אָפן פון דער וועלט אַ שטיק;
ביים אָנזע בין איך, ווי דערהויבן,
און די נשמה אָטעמט גליק . . .

## גלאקן ביי זון-אונטערגאנג

אָוונט־רויטקייט, זי באַציט
מיט אַ פייער־פלאַם דעם הימל;
און ער פלאַקערט און ער גליט
אין אַ בלוטיק, שטום געטומל . . .

אין דער טיפער שטיל אַריין,
הויבט עס, פּלוצים, אָן צו זינגען;
ביי דער גליענדיקער שיין
הערט מען, ווי די גלאָקן קלינגען . . .

ווי זיי הילכן, באַלד פאַרבענקט
און באַלד עפּעס ווי דערשראָקן . . .
פון דעם פייער־פלאַם געטרענקט,
הילכן די גילדענע גלאָקן . . .

## זון אנטקעגן טרער

אין די אויגן שטייט אַ טרער;
אין די טרערן — בלישטשען פונקען . . .
אָ, ווי איז צו וויינען שווער . . .
ערשט ווען טאָג און זון פאַרזינקען,
וועט די נאַכט די טרערן טרינקען . . .

## די גסיסה פון דער זון

לאַנגזאַם מוז די זון זיך ווענדן
מיט איר רוישנדיקער פראַכט
און — אַ גלאַנצנדיקער חלום —
איינגיין אין דער שטילער נאַכט.

אירע גוסס׳דיקע שטראַלן
האָבן מער קיין כוח ניט;
און זיי שטאַרבן און פאַרפאַרבן
זיך מיט זייער אייגן בלוט . . .

איינמאָל, פון דער גילדענער גסיסה,
איז די קויל נאָך אויפגעוואַכט;
זעט, צום לעצטן מאָל, דעם הימל
און ווערט נפטר — אין דער נאַכט.

## זון-אונטערגאַנג

די זון גייט אונטער. טונקט זיך, אין דער שקיעה,
ווי אין אַ בלוטיקן ים, די בלאָע יריעה
און ווערט מיט פייערדיקן רויט פאַרפאַרבט;
בלוט טריפט דער הימל, איידער נאָך ער שטאַרבט . . .
די זון שפרייט אויס איר ווייטן שטראַלן־אָרעם,
העט, אויף די האָריזאָנטן — צפון — דרום — —
איינשליסנדיק די נשמה מיט איר נויט
אין דעם געמעל פון אָפשייד און פון טויט. —

# טאָג

## פאַרטאָג

די נאַכט האָט זיך פאַרנומען,
די ערשטע פויגל־שטימען,
זיי צוויטערן אויפסניי.
די גראָע שלייערס זינקען
און בלייכע ליכטער ווינקען —
באַלד איז דאָס פינצטערניש פאַרביי.

די בלישטשענדיקע קאָסע,
זי ווערט באַדעקט מיט ראָסע,
וואָס ציטערט איבערן פעלד.
אַ רייטער רייט פאַריבער,
אַ שוידער נעמט אים איבער,
דאָס פערד זיינס נישטערט מאָרגן־קעלט.

די שאָטנס פליען שנעלער,
עס ווערט אַלץ העל און העלער,
די זון איז דאָ כמעט;
דורך אָפנע הימל־טירן
טרעט איין — אין פּראַכט־קאָלירן —
דער חתן מיט זיין גרויסן שטאָט!

## יונגער מארגן

זע, אויס די שאָטנס, צאַרטע אָן אַ שיעור,
אַ יונגער מאָרגן ציטערט שוין אַפיר;
ער שטייגט אַרויף, נאָך פרירנדיק און בלויז,
זיך אויפצועפענען — אַ ליכטיקע רויז;
אַ נעפּל־שלייער הילט אים צערטלעך איין,
אַ שימערנדיקער, אין אַ ראָזע שיין . . .

## קילער מארגן

עס הויבט אָן שאַריען און די לופט איז קיל;
אַ פרוי׳ס געשטאַלט אין פּערל־גראָער היל.
זי גייט פאַרביי מיט גיכע שאָטן־טריט,
אַ גאַזע נעמט אַרום איר שלאַנקן שריט.
די אברים נעמט אַדורך אַ לופטל, קיל;
זי ווערט פאַרציטערט אין איר צאַרטער היל.

## פארחלומט

עס הויבט זיך אָן רירן איינדרויסן,
די פייגאַלעך צוויטערן שוין זאַכט;
קיל ווייען די ווינטן; עס רוישן
פאַנטאַנעס אין פאַרביקער פּראַכט.

עס רודערט, עס רעש׳ט שוין דער מאָרגן ;
איך הער, איך דערפיל עס קוים — —
מיין האַרץ איז אינגאַנצן פאַרחלומט,
דאָרט וועבט נאָך דער נעכטיקער טרוים — —

## אן א נאמען

אַ געצוויטער, אַ געפּישטשע
און — פאַרפלויגן אַלע זאָרגן . . .
מיט די פייגאַלעך צעפלויגן . . .
העט — אין גילדענעם מאָרגן . . .

## גילדענער טאג

מאָרגן־זון האָט אָנגעהייבן
אַלץ מיט ליכטער צו פאַרברעמען
און די וועלט אַרומצוגעבן,
ווי מיט גלאַנציק־גילדענע רעמען . . .

אין אַ גילדענער שיין די שטראָזן
און די שויבן שימערן גילדן ;
און אין גאָלד די גרינע גראָזן,
ביימער־שורות, דעכער, שילדן . . .

ס׳איז — אַ גאָלד־פאַרזיימטער זעגל —
הויך אַ וואָלקן אויפגעשטויגן ;
איז אַ מחנה גילדענע פייגל
יענעם וואָלקן נאָכגעפלויגן . . .

# אוונט

## געבענטשט לאנד

אַ שאָטן ליגט איבער דעם בלאַסן,
דעם אָוונט־הימל אויסגעשפּאַנט,
העט, ביז כמעט, וואו לעצטע פּאַסן
פאַרגליען אין אַ גילדענעם בראַנד . . .

ווי צו אַ כישוף צוגעצויגן,
ציט עס אַהין, צום מזרח־ראַנד ;
אַ פּרדס וויזט זיך פאַר די אויגן,
גן־עדן־פאַרבן שפּילט דער קאַנט . . .

די אויגן, ווי געבלענד, פאַרקוקן
זיך טיף אין דער אָפּאַלנער וואַנט ;
ווי פון געחלומט־ליכטיקע גליקן
באַווייזט זיך — דאָס געבענטשטע לאַנד ! . . .

## פּאַרק-טייך

אויף דעם וואַסער־פּלאַך, דעם ווייטן,
מיט אַ שימל גרין באַצויגן,
איז דער אָוונט שוין בייצייטן,
שאָטנדיק אַראָפּגעשטויגן . . .

מיט דער נאָנטער, קילער נאַכט
איז אַ ווינט פאַרבייגעקומען — —
וואַסער־רויזן לאָזן זאַכט
זייערע ווייסע בלעטער שווימען — — —

## פאַרנאַכט אין געמויזעכץ

די זון שיינט מיט אַ גלאַנץ, אַ מעשן־העלן,
איבערן געמויזעכץ, עיפּוש׳דיק און פויל;
ס׳נעמט אָפּשייד פון דער גליענדיקער קויל
אַ פויגל ערגעץ מיט פאַרבענקטע טרעלן . . .

ס׳באַוועגן זיך, ווי פון אַ טרוים באַרירטע,
די וואַסערן אין דעם וואַרעמען שטראַלן־טאַנץ . . .
ברוין־בלאָטיקע בלעטלעך בליען אויף אין גלאַנץ,
די גרינע זשאַבקאַלעך, מיט גאָלד באַצירטע . . .

## פאַרנאַכט אין פעלד

שטיל געוואָרן אויפן פעלד,
פוסט, ווי ווייט מען זעט.
כ׳האָב אַ ווײלע מיך באַרעכנט
און — מיין האַרץ פאַרשטייט:

נאָר אין רעש און אין געיעג
לעבן רוים און צייט;
אַ פאַרשוויגענע, אַ שטילע,
בליט די אייביקייט . . .

## אָוונט־רו

העט אַרום איז שטיל, איז שלום . . .
אין אַן אָוונט־בלאָען חלום
אָטעמען שטאָט און שטראָם און פעלד.
און די נאַכט, פאַרלאָזט פון מענטשן,
איז שוין אָנגעברייט, צו בענטשן
די אַנטדרימלטע, ווייטע וועלט.

ל י ר י ש ע   ב י ל ד ע ר

# לבנה

## לבנה איבערן דארף

איבערן דאָרף, אין שלאָף פאַרזונקען,
הויבט זיך דער לבנה׳ס עיגול ;
ס׳איז די סביבה איינגעטונקען
אין איר שיין, ווי אין אַ שפּיגל . . .

ווייסע כאַטעס שטייען אינמיטן
פונעם אייגנעם, דיקן שאָטן ;
שאַרף דאָס פינצטערניש געשניטן
פון דעם ליכט־קוואַלס זילבער־פּלוטן . . .

און די פּלוטן פלימערן, פינקלען
און עס זינגען זילבער־שטערן . . .
ס׳לאָזט זיך פון אַן אָרט, אַ טונקלען,
אַ געשושקעט לאַכן הערן . . .

## לבנה און פעלד

הויך איז די לבנה אויפגעשטויגן,
אָבער טיף און טונקל איז דאָס פעלד ;
פון דעם זילבערנעם, דעם קילן בויגן,
ציט זיך עס צו דער אַנטשלאָפענער וועלט.

און זיי ביידע, ערד און הימל, ליגן
זיך אַנטקעגן שטום, די גאַנצע נאַכט.
זען זיך אָן, נאָר ערנסט און פאַרשוויגן,
מאָדנע אומעטיק און טיף פאַרטראַכט . . .

ווי אַן אייביקער סוד וואָלט זיי פאַרבינען;
צווישןביידע גייט דער גלייכער סוד — —
זילבער־פעדעמער צום פעלד זיך שפּינען,
קיינער ווייסט זיי, נאָר די נאַכט און — גאָט!

## לבנה-טאל

באַרג אַראָפּ. בשעת מיר שטייען
אויף די לעצטע, פינצטערע שטעגן,
שלאָגט אונדז פּלוצים ליכט אַנטקעגן,
הויבט עס אָן מיט זילבער שפּרייען . . .

ווערט פאַרפולט דאָס לאַנד אינגאַנצן
מיט געדיכטע נעפּל־מאַסן;
זילבערגראָע פאַרע־פאַסן
ציען זיך, הוזשען, בליען און גלאַנצן . . .

ווי אין זילבער איינגעטונקען
וואַלד און וועג און מענטש־געשטאַלטן — — — —
דאָרט, אַ הונט, ביי נאַכט פאַרהאַלטן —
שפּריצט זיין פעל מיט זילבער־פונקען . . .

## מיט א שיפל

### א) אין לעצטן גלאנץ

דאָס שיפל האָט זיך אָפּגעשטעלט,
פאַמעלעך איז דער טאָג פאַרפלאָסן;
די אונטערגייענדיקע זון
האָט גלאַנצנדיק איר גאָלד פאַרגאָסן . . .

פאַר׳כישופ׳ט פון דעם גילדענעם גלאַנץ,
כמעט געבלענד פון פייער־פונקען,
ווער איך — פאַרקוקט אין יענער קויל —
ווי אין אַ מאַגיש ליכט פאַרזונקען . . .

## ב) לבנה-אויפגאנג

אָן אַ שום גערויש באַוועגט
זיך דאָס נאַכטלעך־טונקעלע וואַסער;
פלוצים פאַלט אויף אים אַ שימער,
שמינקלענדיק, אַ זילבערבלאַסער . . .

די לבנה קומט אַפיר,
אירע שטראַלן אויסצוגיסן;
וועקט זיך אויף דער טייך; די וואַסערן
ווי געשמאַלצן זילבער פליסן . . .

## ג) פולע נאכט

אויף דעם וואַסער איז ביינאַכט
שטיל, נאָר וואָס די רודערס בייטן;
פונעם הימל וויעזן, ווינקען
פינטאַלעך פון אַלע זייטן . . .

שטאַרקער ווערט דער שטראַלן־גלאַנץ,
בלאַנקענדיקער אַלץ די שטערן;
אַ געזאַנג, אַ זילבער-זיסער,
לאָזט זיך פון די הימלען הערן . . .

# שטערן

## שטערן-אויפגאנג

ס׳איז קיין נפש מער צו זעען
און פאַרלאָזן ליגט דער אָרט;
אויפן הימל, דאָ און דאָרט,
ערשטע, בלאַסע שטערן שטייען . . .

פונעם דאָרף די פענצטער פלימערן,
נאָך אַ ווײַלע און ס׳איז נאַכט,
איז דער הימל גאַנץ דערוואַכט
און די שטערן אַלע שימערן . . .

די לבנה אונטערן הימל,
ווי אַ זילבערן רײַפאַלע . . .
אַ פאַרבלאָנקעט שעפאַלע
שטייט — פאַרצאָגט — אין שטערן־געטומל . . .

## שטערן איבערן וואלד

אַלץ איז פינצטערניש און שווײַגן,
אַ פאַרשטומטע וואַרט די נאַכט;
ביז דער הימל ניט דערוואַכט,
הויך, אַרום די ביימערס צווײַגן . . .

ביז עס פינקלען שטערן־שפּיצן
אויפן הימל, קלאָר און קאַלט;
ביז אַרום דעם שוואַרצן וואַלד
זילבער־נאָדלען זיך צעבליצן . . .

## לבנה און שטערן

אויף אַ שטיקל בלאָען הימל
איז אַ ליכט אַפּירגעקומען.
זע! דורך גראָע כמאַרע־פּאַליעס
די לבנה דערכשווימען . . .

וויאַהין זי זאָל זיך ווענדן,
וויאַהין זי זאָל זיך קערן,
גייט איר נאָך, אויף וויכע גלייזן,
אַ געטרייער, קליינער שטערן . . .

## שטערן-קינדער

די שטערן זענען קליינע קינדער,
זיי שפּילן זיך, ווען די מאַמע שלאָפט;
זיי בלישטשען ערשט ביינאַכט און ציטערן,
אַז אפשר קומט זי, ניט פאַרהאָפט.

נאָר מיט דער באַבע איז אַ לעבן,
זי לאָזט די קינדערלעך צורו . . .
בלאַס־שמייכלדיק זעט די לבנה
זיך צו די שטערן־שפּילן צו . . .

## שטערן-ברכה

העט אַרום איז שוין פאַרזונקען
אונדזער ערד אין טיפער נאַכט;
קזשאַקעס, קוסטעס — איינגעטונקען
אין אַ פערפל־שוואַרצער פראַכט.

איבער זיי נאָר שטערן שטייען
אויף אַ הימל, טונקל־פיאָל,
און זיי וויגן זיך און ווייען
פונעם קילן נאַכט־קופּאָל . . .

און די שטערן־ליכט, זיי שמינקלען
איבער וועלדער, פעלדער, שטעט;
בענטשן אונדז מיט זייער פינקלען,
נאַכט ביי נאַכט, געטרייערהייט . . .

# נעפּל

## פּראַקטיקער נעפּל

דער מאָרגן־הימל, כמאַרנע, גראָ און קאַלט,
גייט איבער אין אַ נעפּל אויפן וואַלד,
ביים ברעג, וואו דאָס קרישטאָלן וואַסער קוועלט.
איין שאַרע אָנזע איז די גאַנצע וועלט.

ביז ניט די מאָרגן־זון דעם שטראָם דערגייט
און שלאָגט איר שיין דעם וואַסער אויף דער ברייט;
פאַרזילבערט, אין געדיכטן נעפּל־לאַנד,
עס שימערירט דאָס פליסנדיקע באַנד.

## נעפּל-לאנד

ביים ברעג איז שטיל און איינזאַם מיט אַ מאָל
און אויפן וואַסער ציטערט טונקלקייט;
מילך־ווייסע נעפּלען האָבן, אָן אַ צאָל,
זיך אומעטום, ווי כמאַרעס, אויסגעשפּרייט . . .

די בערג, ווי אָפּגעטײלטע פון דער ערד,
זײ שוועבן אין דער נעפּלדיקער קעלט;
די פּאַרעס זשומען, זידן אומגעהערט,
ווי ברײען פון אַ כּישוף׳דיקער וועלט . . .

ווי אין אַ כּישוף איז פּאַרכאַפּט דער אָרט;
ביז, פּלוצים, גיט אַ פּיף, ווײט, פונעם פעלד . . .
דאָס ווידערקול, עס הילכט אָפּ פון דאָרט
און פאַלט אַרײַן, ווי פון אַן אַנדערער וועלט . . .

## נעפּל איבערן פעלד

מיט אַ צאַרטער נעפּל־גאַזע
איז די לאָנקע, פרי, פאַרהויכט;
פונעם מאָרגן־קילן הימל
האָט די זון אַפּירגעלויכט . . .

פון די ליכטיק־וואַרעמע שטראַלן
ווערט באַשײנט די נעפּל־וועלט;
שטײט — אַ גלאַנצנדיקע מחנה —
זילבער־שטאַרצענדיק — דאָס פעלד!

## דאָרף־נעפּל

טריב, פאַראומערט שטײען די הײזלעך,
אײנס בײַם צווײטן. שטענדיק פאַרעט
איבערן דערפל. און דער הימל
איז דעם גאַנצן טאָג פאַרכמאַרעט.

טריב און טרויריק די פּאַגאָדע,
ווי פאַרהאַלטענע די הימלען
פול מיט טרערן. און עס גלוסט זיך,
איבערן טויט אַריבערדרימלען . . .

## שטאט-נעפּל

האָט זיך לעצטנס קאַלטע טעג געמאַכט
און אַ האַרבער ווינט האָט ווילד געבלאָזן;
צינדער פאַלט אַ פריע צו די נאַכט
און דער נעפּל לעגט זיך אויף די שטראָזן . . .

ווי אין מילך־וואָלקנס איינגעהילט
איז דער האַסטיק־שטעטישער געטומל,
שויבן שיינען . . . ערגעץ בליצט אַ שילד . . .
נאָר ס׳איז אַלץ, ווי אין אַ האַלבן דרימל . . .

אין די נעפּלען, דיק און בלאָלעך־ווייס,
ווייזט אויס אַלצדינג אין דער לופט צו שוועבן;
ווערט פאַרדומפּט דער רעש און אויף דער גאַס,
ווי אין חלום שפּילט זיך אָפּ דאָס לעבן . . .

# רעגן

## פאר א וועטער

אַ ריזן־שאָטן האָט פאַרנומען
פּלוצים, אינמיטן טאָג, דאָס לאַנד;
די כמאַרעס, נאָנט צינויפגעשוואומען,
זיי שימערן מיט אַ העלן ראַנד . . .

פון אויבן גרייט זיך צו דער טומל;
אַ קיל, ווילגאָטנע ווינטל קומט . . .
פאַר׳מרה־שחורה׳ט גאַנץ דער הימל —
דער ערשטער, ווייטער דונער ברומט . . .

## א וועטער

דער דושנער שטראָז איז רירעוודיק געוואָרן,
לייט דרייען זיך ווי מראַטשקאַלעך אַרום;
אַ נידריק הימל־דאַך, פאַרהענגט מיט כמאַרעס,
בלאָ־גראָ פאַרפאַרבטע, סטראַשנע, אָבער שטום . . .

דורך מויער-לעכער קריכט מען אין די הייזער,
אין שטיבער, פאַרנע, זעטיקע מיט היץ;
אַ דונער ברומט — און טונקעלער אַלץ די כמאַרעס,
ביז, פּלוצים, צוקט פון זיי אַ ווייסער בליץ!

אַ רעש׳יקער שלאַקסרעגן רוישט אַרונטער . . .
די הייזער, אָפּגעפרישט און ווי באַנייט,
זיי מאַכן איצטער ווייט אויף זייערע פענצטער
און שעפּן לופט איין, עטעמען, ווי באַפרייט . . .

באַלד עפנט זיך, באַלד קלאַפּט זיך צו אַ טיר;
און פאַר די טירן שטייען מענטשן; אויגן
דערהויבן זיך, געלייטערט, צו דער הייך
און זען, דערפרייט, דעם פאַרביקן רעגנבויגן!

## אין שטורעם

בעת די ווינטן רודערן און בלאָזן
און עס קלאַפּט אַראָפּ אַ האַרטער רעגן,
בעת אַ ווילדע בורע קערט די שטראָזן —
טרייבט עס מיך אַרויס, אויף שטורעם־וועגן! . . .

טרייבט עס מיך אַרויס, דעם רעגן זעען
און איך שטעל אַנטקעגן מיך דעם וועטער,
לאָז דעם ווינט דורך מיינע אברים ווייען
און מיין פּיס, אין אַלע בלאָטעס טרעט ער . . .

פוסט און ליידיק זענען איצט די גאַסן;
איך נאָר פריי מיך, דאָ, אַליין, צו האַרן,
בעת די פאַלנדיקע וואַסער־מאַסן
פליוכען, פּאַטשן אויף די טראָטואַרן . . .

## מיאוס וועטער

טעמנע, גליטשיק אויף די גאַסן
און סע טריפט פון אַלע דעכער;
טיר און טויער, אינעם נאַסן
נעפּל, שטאַרן שוואַרץ, ווי לעכער . . .

האַסטיקע מענטשן. אַלע טראַכטן,
זיך וואָס גיכער אָפּצוטראָגן;
פון אַ וואָגן, אַ פאַרמאַכטן,
פליאַסקעט ביים פאַריבעריאָגן . . .

## שפּריירעגן

ביי די שויבן, אומבאַוועגלעך,
שטיי איך שעה׳נלאַנג און קוק;
פונעם רעגן איז ניט מעגלעך
אָפּצוקערן מיר דעם בליק . . .

דער משופּע׳דיקער רעגן
שיט און שפּרייעט צו דער ערד;
די נשמה, אים אַנטקעגן,
זי פאַרלירט זיך אַזש און ווערט

ווי פאַרוויקלט, זי פאַרקוקט זיך
אין די שנירלעך, גראָ און נאַס . . .
און זי פאַלט מיט זיי און בוקט זיך
צו דער בלאָטע פון דער גאַס . . .

## זון־שיין און רעגן

דורך דעם ליכט־ און שאָטן־שפּיל
קומען איינציקע טראָפּנס;
ס'איז אַ שמייכלדיק געפיל,
אַז סע נעצט — צוקאָפּנס.

שיינט די זון מיט וואַרעמקייט
און אין איין צייט רעגנט,
דאַכט זיך, ווי ווען גליק מיט לייד
וואָלטן זיך באַגעגנט . . .

ווייסט מען אין זיין האַרצן ניט,
וואָס די ביידע מיינען;
זאָל מען לאַכן, ווייל ס'איז גוט,
צי פּאַר צרות וויינען? . . .

וויל אַ טרער זיך צו דער שוועל
פון די אויגן לעגן,
ווייל עס מישט זיך, גראָ מיט העל,
מישט זיך זון מיט רעגן . . .

# די פיר תקופות

## ערשטער שניי

אַ גראָ־געמאָלטער הימל
און, ווי פאַרשטאַרט, די וועלט;
עס שנייד אין הויט און ביינער,
די לופט — צעקאָכט פון קעלט.

ביינאַכט האָט שאַרף געצויגן;
דעם אַנדערן מאָרגן — זע! —
דורך די פאַרהויכטע שויבן
שיט זיך — דער ערשטער שניי — —

## שיטערער שניי

אַ ווינטערמאָרגן, ביטער קאַלט,
האַלט איינגעקייט די גאַס;
און אין די לופטן קייקלען זיך
נאָר פליאַכעס, איינציקווייז,

מיטהאַלטנדיק מיט יעדן ווינט,
מיט יעדן צוק און דריי . . .
עס שפּילן זיך אין כאַפּערלעך
די ווינטן מיט דעם שניי.

## שניי ביינאכט

די קעלטן האָבן אויפגעהערט,
געפאַלן איז דער פראָסט;
די מילדע, קלאָרע נאַכט, זי האָט
דעם פאַנצער נאָכגעלאָזט.

די שטערנדלעך צעבלישטשען זיך
און פלימערן מיט פרייד;
אַ שניי — אין בלאָער ווינטערנאַכט —
שיט זיך געדיכטערהייט . . .

## ווינטער-ליד

אונטער כמאַרעס, טונקל־גראָע,
איז דאָס הימל־צעלט, דאָס בלאָע,
ווי מיט שאָטן־ווענט פאַרשטעלט.
שניי־דנדיקע ווינטן בלאָזן,
זענען, פלוצים, אַלע שטראָזן,
איז באַדעקט מיט שניי — די וועלט !

מיט די שנייאַלעך, די צאַרטע,
באָרען זיך די איינגעשפּאַרטע
ווינטן, אין אַ שטומער שלאַכט.
אַז די זון בליצט, דאַכט זיך, ציטערט
אין אַ שפּיל דער שניי, פאַרביטערט
אָבער ווערט דער קאַמף ביינאַכט.

איבער טונקעלע שליאַכעס טראָגן
זיך די ווינטן ; ברויזן, יאָגן,
מיט געפּילדער, מיט געשריי.
נאָר דער שניי, צעשטויבט, צעפּלאָשעט,
שטאַרקט זיך ווידער און ער פּראָשעט,
שיט און פּראָשעט אַלץ אויפסניי.

ביז די שלאַכט איז ניט פאַריבער,
אַ פּוכאָווע דעק בלייבט איבער
און דער ווינט פאַרמאָרעט זיך.
ליגט אַ טעפּיך, ווייס ווי קאַלעך
און — אַ גוטן שטיק מהלך —
שטאַמפּן קרישנע שניי — די שיך !

## ווינטערנאכט אין שטאט

ס׳אַ פריִע נאַכט אין ווינטער,
נאָר לעבעדיק און מונטער
און ליכטיק איז די גאַס.
שניי־פליאַכעס ווייען, ווינקען,
עס ווערט, צו ד׳ערערד געזונקען,
פון זיי אַ ליילעך, קאַלעך־בלאַס.

ס׳איז פריילעך, ס׳איז אַ לעבן;
די שנייאַלעך, זיי שוועבן
און דרייען זיך אין טאַנץ.
זיי פאַלן און פאַרמעקן
זיך אויף די בלייכע דעקן,
אין הויכע בויגן־לאָמפּנס גלאַנץ.

די אויגן נעמט עס איבער,
פליען זיי פאַר דיר פאַריבער,
קאַפּריזנע, שיטערלעך . . .
זיי שפּרייען און זיי שימערן,
אַזש דיינע וויעס פלימערן,
באַזעצט מיט פייכטע פליטערלעך . . .

## ליכטיקער ווינטערטאג

אין די גאַסן אויסגעפאַלן
זענען גאַנצע מחנות שניי;
און צומאָרגנס שפּילן שטראַלן
שטאָלץ און גלאַנצנדיק אויף זיי.

ס׳איז אַ טאָג, אין אים צו קריינען
נאָר אַ מלך׳ס יונגע מאַכט;
אַלץ איז גרייט, אים צו גענענען
מיט אַ קיניגליכער פּראַכט.

בגדי־מלכות, פונעם בעסטן,
ליגן פאַר אים אויסגעשפּרייט;
פון דער זון — די גילדנע טרעסטן,
פונעם שניי — דאָס אַטלעס־קלייד.

ווינטער איז דער יונגער מלך,
גלאַנצנדיק און שטאָלץ און פריי;
אים צוליב דערהויבט זיך פריילעך
אַ נצחונ׳דיקער שריי!

## וועסנעדיקער שאסיי

וועסנעדיק איז דער שאָסיי,
וואָג איך קוים אַריינצוטרעטן,
ווי אין ים אַריין; איך שטיי
פאַר אַ ים קאָלירטע קווייטן . . .

און עס זינקען איין די פיס,
נאָר ווי אין אַ ווייכן קישן,
אין די בלעטלעך, זאַכט און זיס,
בלאָס און רויזן-צאַרט און פלושן . . .

גייט אַמאָל אַ גרינגער ווינט,
ווערט עס אין דיביימער מונטער;
און עס פאַלט פון זיי אַצונד,
ווי אַ שניי, אינמיטן ווינטער . . .

## כישופ׳דיקע זומערנאכט

זומערנאַכט. אַ פרעמדער אָרט.
פרעמדע גאַסן און אַלייען.
אין אַ גאָלד־פּלוט זע איך דאָרט,
ווי די פרעמדע הייזער שטייען . . .

און איך שפּאַן, ווי אין אַ וואונדער;
צו די הימלען זיך דער בליק קערט,
און עס רוישט דער קאָפּ מיר, פון דער
כישוף׳דיקער נאַכט פאַר׳שיכור׳ט . . .

און דעם אָטעם וויל פאַרנעמען
אומעט, זיס, ניט צו דערזאָגן — —
ווייל אַזויפיל שיינקייט קען מען
שוין כמעט ניט איבערטראָגן . . .

## שפּעט-אסיען

שפּעט־אָסיען. דאָס בערגל, מיט בלעטער פאַרשיט,
עס פאַרזינקט כמעט אונטער דעם רומל;
און ריחות, ווי פון אַ בית־עולם׳ס מיט,
פאַרשפּרייטן זיך קעגן דעם הימל . . .

יאָ, ווי אַ בית־עולם די גאַנצע וועלט . . .
איבער ד׳רערד דער הימל — אָן ארון;
די טויטע ערד מיט תכריכים פאַרשטעלט,
פון בלעטער, פאַרוויאַנעט געוואָרן . . .

## פארגייענדיקער אסיען-טאג

עס האָט, שוין שפּעט, ביים אונטערגאַנג, די זון
זיך מיט דעם אָסיען אויף אַ פּלוין באַגעגנט;
און ווי מען שייד זיך פון אַ בר־מנן,
זיך מיט דעם שטאַרבנדיקן האַרבסט געזעגנט.

צום אָפּשייד, האָט דעם הימלס פּערפּל־פּראַכט,
ווי אין אַ פייער־פלאַם דאָס פעלד געטונקען;
נאָר, וואָס מער נענטער ס׳רוקט זיך צו די נאַכט,
מוז אויך דעם מערב׳ס פייער־גלאַנץ פאַרזינקען . . .

ליריש ע בילדער

אַן אמת'ער אוצר ליגט איצט אויסגעשפּרייט
פון ברוין, געל, גרין, פון גאָלד־ און זילבער־פאַרבן . . .
שיינט אויף די זון און זעט, בעת זי פאַרגייט,
די שיינקייט פון די פאַרבן, ביים פאַרשטאַרבן . . .

# ים

## זון-אונטערגאנג אויפן ים

שניידנדיק דעם ים, דעם טיפן,
רוישט די שיף דער שטאָט אַנטקעגן;
פון די שיפס־ווענט טראָפּנס טריפן,
פּיאַנעס צייכנען אירע וועגן . . .

פּלוצים מאַכט זיך שטיל און טונקל
און די שיף ווייזט אויס צו נעצן;
אין אַ גילדענעם געפינקל
הויבט זיך אָן די זון צו זעצן . . .

און די וואַסערן גלאַנצן, גליען,
גלינצערן אַזש צום ים־ברעג דאָרטן;
אין אַ בלייכן ליכט פאַרבליען
זיי, ערשט ווייט, ביים פרעמדן באָרטן . . .

## ברעג-שטאט ביינאכט

מיט אירע הייזלעך און טורעמס
ביים ים, ווי אַן איינציק הויז,
האָט זיך די ברעג־שטאָט געלעגערט
און שטאַרט פונעם וואַסער אַרויס.

ווי אַ געמויערטע חיה,
אַ ספינקס, אַ שטיינערנע קאַץ,
גראָבט זי זיך איין מיט די לאַפּעס,
הויערט דער פעלזיקער פּלאַץ.

אונטער פאַרלאָשענע פענצטער,
אונטער פאַרשלאָסענער שויב,
הערט זי זיך איין אינעם חלל,
לאָקערט — אויף נאַכטלעכן רויב — —

## ביים ים

ביים ברעג פון ים, פאַר די באַוועגטע פאַליעס,
זיץ איך און קען פון זיי ניט מער אַוועק;
איך זע מיך צו צום שוימען פון די כוואַליעס,
צום הוידען פון דער ווייטער וואַסער־דעק . . .

ס׳איז ווי דער ים אַליין וואָלט מיך פאַרהאַלטן,
מיך צוגעפּלעט צום רוקן פונעם ברעג;
איך זע די פּיאַנעס בייטן די געשטאַלטן
און ווי עס קומט און גייט די וואַסער־דעק . . .

אַ כישוף ליגט אין די באַוועגטע כוואַליעס,
כ׳וועל דאָ שוין זיצן, דאַכט זיך, אָן אַן עק;
מיך צוזען צו דעם שוימען פון די פאַליעס
און ווי סע הוידעט זיך די וואַסער־דעק . . .

# לידער און ראמאנסן

## דער פאסטוך

גייט אַ פּאַסטוכל אויף דער לאָנקע דאָרט,
ציט אים זייער צו דער מערב־זון;
גיט ניט אַכטונג אויף זיינע שעפּאַלעך,
די מחשבות זיינע וואַנדרעווען . . .

שטעלט זיך אָפּ אַ ווײַלע ביי אַביימאַלע,
ווייל ער זעט די זון, די זון ניט מער;
ווי דער טאָג פאַרגייט, ווערט דאָס האַרץ אים שווער
און זיין אויג עס גלאַנצט, ווי פון אַ טרער . . .

נאָר אַ לופטאַלע טאָרעט אים, אַ קילס,
און ער כאַפּט זיך אויף; שטייען שטום,
לעבן אים, פאַרשטאַרט, זיינע שעפּאַלעך,
זיינע אָרעמע . . . ער קערט זיך אום.

איז דער הימל בלאָ, ווי אַ בלאָער ים,
ווי אַ מויער שוואַרץ איז דער וואַלד;
און עס לייכט זיך דאָרט שוין אַ פריער שטערן
און נאָך איינער . . . צוויי נאָך . . . קלאָר און קאַלט.

און עס דראָזשעט אים. פּאַרן שאַרפן ווינט,
אין זיין מענטאַלע הילט ער זיך איין;
און דער פּאַסטוך טרייבט אָן די שעפּאַלעך
און — זיי היפּן גיך אין דאָרף אַריין — — — —

## ראמאנס

מיט דעם גילדענעם פיילנבויגן,
אָנגעלאָדן אין דער האַנט,
איז אַ יעגער אויפגעשטויגן,
מיט דעם גילדענעם פיילנבויגן,
צו אַ שיינעם שטערן־לאַנד . . .

ליכטיק איז דער זילבער־שטערן
אין דער טיפער, שטילער נאַכט.
ווילסטו ניט צו מיר געהערן,
דו, מיין זיסער זילבער־שטערן?
שטום געשימערט האָט די פּראַכט.

און געפאַלן איז דער שטערן,
מיט אַ רויך, רויט און שוואַרץ;
האָט געמוזט דער יעגער קערן,
ווייל געפאַלן איז דער שטערן,
מיטן פייל — צום אייגנעם האַרץ . . .

## רויט ווי בלוט . . .

אומעטום קען מען דערפילן,
אַז אַ נייע וועסנע בליט;
אין מיין האַרץ, דעם ווינטער־קילן,
די געבליטן זיך צעשפּילן,
בלוטיק־רויט און הייס צעגליט . . .

זומערלעב קומט אויסצושפּרייטן
רייך קאָלירטע בלומען באַלד;
ווי אויף קישנס קען מען טרעטן
צווישן בלוטיק־רויטע קווייטן
אין אַ ריחות-שווערן וואַלד . . .

פאַר אַן אָסיען־פראָסט, אַ האַרבן,
גיך פאַרוויאַנעט ווערט דער צוויט;
בוים און בלעטער מוזן שטאַרבן,
טונקט זיי איין די זון אין פאַרבן
פון אַ טונקל פערפל־בלוט . . .

אונטער שניי, אין ווינטערצייטן,
איז פאַרגראָבן נויט און טויט;
מוז איך פרעגן: וואָס באַטייטן
אויף דעם פלוין, דעם ווייסן, ווייטן —
טראָפּנס . . טראָפּנס . . טראָפּנס רויט? . . .

## די בעלי־בתים שלאָפן . . .

פרי, אין אָרט אַריינגעקומען,
איז פאַרשלאָסן טיר און טויער;
אויף דער בריק די שטיוול קלאַפן,
נאָר די בעלי־בתים כראָפּען
מיטן קאָפּל איבערן אויער . . .

גרויסער טאָג כמעט געוואָרן;
אין דער זון די פענצטער בליצן;
אָנגעוואַרעמט די טראָטואַרן,
נאָר צי זאָל דאָס אימעץ האַרן,
אין געשמאַקסטן שלאָף צו שוויצן . . .

הויך איז שוין די זון פאַרשטויגן,
אָבער דאָ הערשט טיפסטער שלום.
אין דעם שענסטן מאָרגן־דרימל,
מיט די בייכער קעגן הימל,
שמייכלען זיי צום זיסן חלום . . .

## האַרפּן-שפּיל

פון דער גרויסער, גילדענער האַרף
שעפּט אַ צאַרטע פרויען־האַנט
קלאַנגען, ציטערנדיק און שאַרף.
און די סטרונעס קלאָגן, קלינגען,
און די סטרונעס זיפצן, זינגען
פון די פינגער זאַנפט געצוואונגען,
מיט אַן אייגן זיסן זינגען,
און זיי קלינגען
און פאַרקלינגען — —
אין אַן אומגעזעען לאַנד — — — —

## פאַרזונקענע שיף

פינצטער פאַרשפּרייט זיך דער נאַכטלעכער ים,
איינציקע ליכטער נאָר פינקלען . . .
איינציקע שיפלעך גליטשן זיך זאַכט,
איבערן וואַסער, אין נעפּליקער נאַכט,
אויף דעם תהום, אויף דעם טונקלען — —

נעפּל ליגט שווער אויפן נאַכטלעכן ים,
שיפס־לאַמטערנדלעך ווינקען . . .
נאָר אין דעם פינצטערניש זעט מען זיי ניט,
ניט ווי עס בייגט זיך, צעשפּאַלטן די מיט,
אַ שיף — און די שיף מוז פאַרזינקען . . .

שוואַרץ איז די פאַליע אין נאַכטלעכן ים,
שיפלעך שווימען פאַריבער . . .
דאָרט, מיט זיין קאָפּ אין דער האַנט אָנגעשפּאַרט,
זיצט אויף דער חורבה אַ שיפער און וואַרט,
בענקט צו די ברעגעס אַריבער . . .

ווייט, אויף דעם פלאַכן, דעם נאַכטלעכן ים,
שיפּאַלעך וויגן זיך, וואַקלען . . .
נאָר דער פאַרוואָגלטער שיפער, ער ווייסט,
אים איז קיין האָפענונג, אים איז קיין טרייסט,
קוים וואָס די טרערן זיך קייקלען . . .

פינצטער פאַרשפּרייט זיך דער נאַכטלעכער ים,
ליכטאַלעך קיינע מער פינקלען . . .
די פּאַליעס נאָר רוישן דאָרט, סודות׳דיק טיף,
פאַרפאַלן דער שיפער, פאַרזונקען די שיף,
אין דעם תהום, אין דעם טונקלען — — —

## מנחם-אב

פאַרביי איז תמוז. די נשמה ווערט
פון אומעט מרה־שחורה׳דיק באַשלאָגן;
עס קומט די צייט פון זעצן זיך אויף ד׳ערערד,
דער טאָג פון בכיה, יאָמערן און קלאָגן . . .

דער טאָג פון איכה און פון קינות־זאָגן
אויף יענעם תשעה־באב, ווען ס׳האָט די שווערד
פון רוים דעם טויט אין אונדזער הויז געטראָגן,
דער הייליקער היכל איז געוואָרן צעשטערט . . .

ווען יענער פייער־פלאַם האָט זיך דערהויבן,
וואָס האָט דעם בית־המקדש אונדז פאַרברענט,
דעם בנין, טייער און געליבט, פאַרלענד . . .

ווען ציון׳ס שיינקייט איז געוואָרן געשענד,
די שכינה האָט זיך פון אונדז אָפּגעווענד
און — אונדזער גלות האָט זיך אָנגעהויבן . . .

## רבי עקיבא׳ס פטירה

ביי רבי עקיבא, גרייט זיך אָפּצוזאָגן
פון עולם-הזה — פאַר׳ן מזבח׳ס פלאַם,
שטייען די תלמידים זיינע און זיי קלאָגן
אויף אים, אויף דעם צעשטערטן ריזן־שטאַם . . .

און ער, בשעת ס׳האָט, מיט אַן אייזן־קאַם,
דער קאַט, דער רוימישער, זיין פלייש געצוואָגן
און וואָס אין אים געווען איז לעבן קאַם —
ער האָט פאַרמאָגט זיי, שמייכלדיק, צו זאָגן:

כ׳האָב אַלע מיינע טעג געוואַרט די רגע,
גאַנץ און בתמימות מיך צו געבן — גאָט!
ניט נאָר לויט חיוב, ניט נאָר לויט געבאָט,

נאָר אים, גאָט, גאַנץ . . מיט אַלעמען . . וואָס מען האָט . . .
שמע ישראל ד׳ אלקינו ד׳ אחד!
— — — — — — — — — — — — — — — — — — —
און האָט דערגרייכט, אין גסיסה, זיין מדרגה! . . .

## דוד המלך׳ס הארף
(דרך מלכים השחר מעוררן אני מעורר השחר)

פאַרן מלך׳ס בעט, ביים אָפענעם פענצטער, שטייען
די שטערן אויף אַ זילבערבלאָער וואַנט.
שטום הענגט די האַרף; ביז ניט עס הויבט אָן וויען
אַ צפון־ווינטל דורך דעם חלום־לאַנד . . .

און אויס דער האַרף, באַוועגט ווי פון אַ האַנט,
מחיה׳דיקע טענער זיך צעגייען;
די קולות הילכען, קלינגען איבערן קאַנט
און רוישן אויף און ציטערן און פאַרגייען . . .

אַן אַנדערער, נייער ניגון לאָזט זיך הערן,
אַ קול פון חצות־אָפּריכטן; קודם זאַכט
און וואָס מער שטאַרקער שאַלט עס האַלבע נאַכט! . . .

דוד המלך׳ס קול איז גאַנץ דערוואַכט,
דערגרייכט דעם שוין געבלייכטן הימלס פּראַכט
און וועקט דאָרט אויף דעם גילדענעם מאָרגן־שטערן!

## דער עיגול

עס טרעפט זיך, אַז מען גייט פאַרביי
אַ וואָרט, אַ פּסוק׳ל, אַ דין
און טראַכט זיך: גאָר ניט איז דערביי,
ניטאָ ביי וואָס זיך אָפּצושטעלן,
צו פּשוט איז דער פּשט דערפון . . .

אויב פונעם מצב, וואו ער שטייט,
האָט איינמאָל אַרום זיך אַרום
אַ מענטש זיך גאַנץ אַרומגעדרייט —
איז זיך זיין מעמד גלייך געבליבן,
כאָטש ס׳איז אַן עיגול אונטער אים . . .

און איז דעם מענטשנס לעבן ניט,
מיט זיינע סודות, זאָרגן, זינד,
ניט אויך אונדז פאַר אַ משל גוט?
האָט זיך דעם לעבנס קרייז געשלאָסן,
זעט אים דער זקן, ווי אַ קינד . . .

און טאַקע גאָר די גאַנצע וועלט?
פאַרבאָרגן ווייזט זיך אויס די צייט;
דער רוים, אַן אומבאַגרענעצט פעלד
און לאָזט זיך, אַן אַ סוף, פאַרשפּרייטן —
נאָר פּשוט איז די אייביקייט . . .

דערפאַר׳זשע גיי ניט לייכט פאַרביי
און ניט פאַראַכט דאָס פּראָסטע וואָרט;
אַן עיגול אפשר איז דערביי,
עס איז דערביי אַ וועלט, אַ לעבן,
אַן אייביקייט באַהאַלט זיך דאָרט!

## געבעזן...

פרי, נאָר אַרויסגעקומען,
האָט תיכף מיך פאַרנומען
אַ פלוט פון וואַרעמקייט.
ס׳האָט מאָרגן־קעלט קיין תקומה
ניט, פאַר דער ליבער חמימה,
וואָס תמוז׳דיקע זון פאַרשפּרייט.

עס שווענקט די לופטיקע פאַליע
מיר מיינע אברים אַלע
און וואַרעמט מיין געמיט;
מיט אַלטע לידער קלינגט עס
און אין זכרון זינגט עס
פון אַלץ, וואָס האָט אַמאָל געבליט.

אַז, פלוצים, כ׳מוז דערמאָנען,
ווי ס׳וואָלט פאַר מיר געשטאַנען,
וואָס איז פאַרביי און וויט:
די אומשולדיקע, שיינע,
די תמימות׳דיקע, ריינע,
העל־לייכטנדיקע יוגנט־צייט!

אַ גרינער פלוין, אַ ווייטער,
אַ הימל, בלאָ און הייטער,
דער זון׳ס גינגאָלדענע שיין...
און כ׳האָב געמיינט, געפאַנגען
פון הימל, זון און זאַנגען,
אַ חלק, ווי פון זיי צו זיין...

# לירישע בילדער

אויף יענע קינדער־וועגן
האָב איך נאָך ניט באַגעגנט
קיין שנאה און קיין קעלט.
דעם האַרץ צו אַלצדינג גלוסט זיך,
עס האָט נאָך ניט דערוואוסט זיך,
וואָספאַראַ אָפּגרונט ס׳איז די וועלט.

ס׳האָט, ווייט פון דעם נסיון,
געקענט ניט דעם בזיון
פון תאווה און פון טעות;
ס׳האָט נאָך פון אַלדעם בייזן
זיך ניט משער געווען,
ניט פון דעם לעבנס ביטרע רעות . . .

אַ ווינטל גלעט מיך ווידער — —
איצט לעג איך מיך אַנידער,
ווי דעמאָלט, ווי אַמאָל . . .
אין גראָז זיך אויסצושטרעקן,
הייסט אָבער היינט: דערוועקן
זכרונות, בילדער אָן אַ צאָל . . .

דער פּלוין, דער גרינער, ווייטער,
אַ הימל, בלאָ און הייטער,
דער זון׳ס גינגאָלדענע שיין . . .
מיט אירע וואַרעמע פינגער,
מאַכט זי דאָס בלוט מיר גרינגער,
גרייכט זי מיר ביז׳ן האַרץ אַריין . . .

ס׳איז שטיל. ס׳איז ווי אין חלום . . .
אַ כישוף׳דיקער שלום,
ווייט פונעם וועלט־געיעג . . .
איך פיל מיט אַלע זינען,
יאָ, כ׳האָב צוריק געפונען,
צוריק צום לעבנס ערשטן וועג . . .

## געזאַמלטע לידער

וויי גאָר ניט וואָלט געוועזן,
זע איך מיך איצט גענעזן
פון שרעקן און פון שאַנד;
יסורים, פּינצטערנישן,
זיי אַלע קען פאַרווישן
גאָט, מיט זיין גוטער, גנעדיקער האַנט!

ער קען צוריק דערהייבן
צו גאָר אַן אַנדער לעבן
אים, וואָס כמעט צעשטערט;
ער קען אים שטעלן ווידער
מיט ביידע פיס אַנידער,
ווי אויף אַ ניי־געבוירענער ערד! . . .

— — — — — — — — — — — —

גרין־גאָלדענער פלוין, דו שיינער,
בלאָ־בלאַנקער הימל, ריינער,
דער זון׳ס צעגליטע פּראַכט . . .
כ׳האָב אייך ערשט איצט פאַרשטאַנען,
ערשט איצט זייט איר פאַראַנען,
ערשט איצט בין איך צו אייך דערוואַכט!

## דער אנהייב

אין אָנהייב, מיינט מען, ס׳איז אַ שפּיל,
ס׳איז אָן אַ שום כוונה;
אַ וואָרט, אַ דרוק, אַ שנעלער קוש,
אין דעם איז קיין סכנה . . .

אַ טיפער בליק, אַ חנ׳דאַלע,
ווי זיס דאָס איז, ווי טייער;
ביז, פּלוצים, ווערט מען ערשט געוואָר,
דאָס האַרץ, עס שטייט אין פייער . . .

ביז, פּלוצים, ווייסט מען, אַז מע ברענט,
מען גליט אין גהינום גופא;
אַז יענער בראַנד איז אָן אַ סוף,
ניטאָ דערצו קיין תרופה . . .

## געפערלעך

דו האָסט דאָס פייער אָנגעצונדן,
איצט מוזטו אויסלעשן דעם בראַנד;
דו האָסט געשפּילט מיט מיינע פינגער,
איצט פאָדער איך די גאַנצע האַנט.

האָסט מיר געגעבן זיסע ווערטער,
היינט איז נאָר איין וואָרט זיס פאַר מיר;
דו האָסט געשפּילט מיט מיין נשמה —
און די נשמה גאַרט נאָך דיר . . .

## גוט אונטערגעהייצט

איך ברען, איך ברען שוין וואָכנלאַנג,
די פלאַמען, זיי פלאַקערן און שפּרינגען;
מען קען כמעט הערן בחוש, אין האַרץ,
ווי עס קנאַקן די פייער־צונגען . . .

דו האָסט מיר דאָס, זלאַטע, גוט אונטערגעהייצט,
אין דעם טבת־חודש, דעם קאַלטן;
מיט דעם סאָרט קוילן וועסטו מיך
אַ היפּשע צייט וואַרעם האַלטן . . .

## די סטעזשקע

מיר וואוינען אין נאָנטן שכנות,
מיין זלאַטעניו און איך;
נאָר אַריבערצוגיין דאָס געסל
און — געטראָפן וואָלטן מיר זיך . . .

ס'איז קיין ים אוקינוס ניט טיפער,
קיין מדבר איז ניט אַזוי ברייט,
ווי יענע שמאָלע סטעזשקע,
וואָס פון איר ווערט אַ ליבע צעשייד . . .

מיר וואוינען אין נאָנטן שכנות,
ס'איז טאַקע נאָר אַ מינוט,
נאָר אַריבערצוגיין דאָס געסל,
אָבער — קיינער מאַכט ניט דעם שריט . . .

## דער פּאעטישער פּאזשארניק

אָן אַ ליד, די לייד דערטראָגן
וואָלט איך זיכער ניט געקענט;
און דער בראַנד, די ליבע־שרפה,
וואָלט אינגאַנצן מיך פאַרברענט.

פון מיין גוף און מיין נשמה,
אויסגעטרוקנט און פאַרשמאַכט,
וואָלט קיין זכר ניט פאַרבליבן,
ס'וואָלט פון מיר אַ תל געמאַכט . . .

דער פּאָעט נאָר, הויבט אָן סמאַליען
ערגעצוואו, ביים גרינגסטן חשד,
שטייט ער, אָנגעברייט צו לעשן,
מיט זיין לעשער-אַפּאַראַט . . .

שטייט דער גבור גרייט, זיין בליי־פען
בהתמדה צוצושפּיצן
און מיט גרויס מסירת־נפש —
ווערטער אויף דעם בראַנד צו שפּריצן . . .

## ניט עקאנאמיש

איך ווייס, פונדערווייטנס, זלאַטעניו גאָלד,
וואָס דיינע מחשבות זענען;
איך ווייס, דו האָסט אַ לייכט געמיט,
בעת מיינע געבליטן ברענען . . .

איך ווייס אָבער אויכעט, אַז די מינוט,
וואָס איך האָב שלום געפונען,
צעפלאַמט זיך אַ פייער אין בוזעם ביי דיר
און דו ווערסט אָנגעצונען . . .

די פלאַמען פלאַקערן, יעדע פאַר זיך,
און קומען ניט צוזאַמען;
פון זייער אייגענעם פייער געשפייזט,
פאַרצערן זיך די פלאַמען . . .

## קאנטראסט

איך בין, די נאַכט, ביי דיין פענצטער פאַרביי,
ס'האָט אַ ווינט, אַ שאַרפער, געבלאָזן;
פאַרצווייפלט האָב איך מיך אַרומגעדרייט,
אַליין, אויף די פינצטערע שטראָזן . . .

און דו, בשעת כ'האָב פאַרוויטיקט געוואַרט
אויף אַ סימן, אַ טרייסטוואָרט, אַן עצה,
ביזטו דיר אוודאי געלעגן אין בעט
און האָסט דיך געקראַצט אויף דער פּלייצע . . .

## אתרוגים נאך סוכות . . .

איך בין כמעט זיכער, אַז זלאַטע, מיין גאָלד,
זי וועט זיך ניט לאָזן בייטן;
זי וועט מיך ווידער פאַרבעטן צום טיש,
מיר וועלן זיך איבערבעטן . . .

נאָר אויב עס נעמט נאָך אַ לענגערע צייט —
און יינגער ווערט ניט קיינער —
וועט בלייבן פאַרביידע, במקום פלייש,
נאָר אָפּגעגריזעטע ביינער . . .

## ליבע-שולחן-ערוך

כ׳בין געווען אַ נאַר, צו מיינען,
אַז איך דאַרף איר נאָר פאַרגעבן,
וועט מיין זלאַטע ווערן גאָלד
און ס׳עט ווידער זיין אַ לעבן . . .

כ׳האָב נאָך אַלץ ניט גוט באַגריפן
אַלע טיפע טעמים פונעם
ליבע־שולחן־ערוך און
זיינע גאַנץ באַזונדערע דינים . . .

יאָ, דאָס איז אַ כלל, אַן אַלטער
און פון אַ פאַרנעם, אַ ברייטן:
אויב אַ פרוי באַגייט אַ חטא,
מוז דער מאַן זי איבערבעטן . . .

## די שפּיל

איך האָב געהערט, דו קלאָגסט מיך צו
צו דיין חבר׳טאָרן, דער פיינער,
אַז איך, דיין פריינט, איך נאַר דיך אָפּ
ביים שפּיל, ווי אַ ציגיינער . . .

נאָר דאָס איז רכילות, זלאַטע גאָלד,
ווייל אַלץ, וואָס איך טו, דאָס טאָר איך;
גלייב מיר, איך האַלט זיך אַקוראַט
אינעם ליבע־שולחן־ערוך . . .

דיך אָפּצונאַרן קומט מיר ניט
אַמאָל אַריין אין זינען;
אַ יעדער וויל נאָר, פאַרשטייט זיך, ביים שפּיל,
זיין קערטל זאָל געווינען . . .

## היתכן?

ס׳איז אומגערעכט, ס׳איז ניט דערהערט,
אַלץ מיך נאָר צוצוקלאָגן;
ווייל איך, איך האָב מיך נאָר געווערט,
כ׳האָב נאָר צוריקגעשלאָגן . . .

כ׳בין מודה, געשוויגן האָב איך ניט,
כ׳האָב ניט אַליין געליטן;
און אויב דו האָסט מיר געגעבן אַ שניט,
האָב איך צוריקגעשניטן . . .

כ׳פאַרשטיי, דיר וואָלט מער ניחא געווען,
איך זאָל דיר דערביי ניט דערקוטשען;
אַז דו זאָלסט מעגן מוטשען מיך —
און אַז איך דאַרף מיך לאָזן מוטשען . . .

## פאראדאקס

ווי לאַנג ד׳האָסט געזען, אַז איך האָב געגאַרט,
געבענקט, גע׳חלש׳ט, געציטערט,
האָסטו מיך דערנידריקט און אָפּגענאַרט
און האָסט מיר מיין לעבן פאַרביטערט.

ווייזט אויס, ד׳האָסט געהאַט אַ יישוב אַצונד
און וועסט מיך שוין בעסער טראַקטירן;
ס׳אַ פלא צו זען, ווי תיכף געווינט
דער מאַן, וואָס איז גרייט צו פאַרלירן . . .

## די לעקציע

ס׳איז אפשר גאַר מיינע אַן עוולה געווען,
וואָס איך בין נישט אַריבערגעגאַנגען,
מיר זאָלן זיך, נאָר אויף אַ ווײַלע, זען,
נאָך אונדזער סיכסוך, דעם לאַנגען . . .

דו האָסט אפשר איינזאַם געוואַרט אויף מיר,
געוואַרט, פאַרבענקט און פאַרביטערט;
געהאָרכט ביי יעדן סקריפּ פון אַ טיר,
פאַר אַ שריט, אַ פרעמדן, געציטערט . . .

נאָר אפשר האָט דיר אַזאַ לעקציע געהערט,
זאָלסט דיך אויכעט דערמיט באַקענען,
ווי אַן איינזאַם האַרץ פאַר׳חלש׳ט ווערט
און ווי דאָרשטיקע ליפּן ברענען . . .

## נקמה

ניט איינמאָל גיט מיר אַ צופּ, באַקלער
איך, ווי טיף דו מוזט זיין געטראָפן;
דאָס האַרץ מיינס טיאָכקעט ביטער און שווער,
איך ווער מיט בלוט פאַרלאָפן . . .

נאָר אַז איך דערמאַן זיך מיין אייגענעם צער,
אין דיין שפּיל מיט מיינע כוונות,
און ווי ד׳האָסט געהאַט פון מיר דאָס גענאַר —
פאַרגייט מיר דאָס רחמנות . . .

דערהויבט זיך אַ כוואַליע פון פרייד אין מיר,
כ׳בין מיר ממש מחיה דאָס לעבן;
דער ביין איז איצטער אין האַלדז ביי דיר —
וועסט אַן אַנדערטמאָל אַכטונג געבן . . .

## די מכה

קיין ספק, ס׳האָט געמוזט געשען,
מ׳האָט דאָס מער ניט געקאָנט דערליידן;
ס׳איז נאָר די איינע ברירה געווען,
די מכה אויפצושניידן . . .

די מכה, אָנגעפולט דאָס רוב
מיט פאַלשקייט, ליגנט, קנאה,
מיט יענעם אייטערדיקן שטאָף,
וואָס רופט זיך: ליבשאַפטס־שנאה . . .

יאָ, אָפּערירן האָט מען געמוזט,
עס האָט געמוזט ווערן געשטאָכן;
ד׳האָסט אַליין די מיאוסע מאַטעריע געזען,
וואָס איז אַרויסגעבראָכן . . .

## דעם דינסטיק נאכמיטאג . . .

אָ, ווי האָב איך אויף דיר געוואַרט,
דעם ווערסנע־טאָג, דעם שיינעם;
ווי האָט מיין האַרץ נאָך דיר געגאַרט,
דעם נאָכמיטאָג, דעם איינעם . . .

די זון האָט שטראַלנדיק געגלאַנצט,
די פייגאַלעך האָבן געצוויטערט,
מיין האַרץ האָט געשפּראָצט, געזונגען, געטאַנצט
און דיר אַנטקעגנגעציטערט . . .

וואָלטסטו, דעם דינסטיק נאָכמיטאָג,
דעם וועג צו מיר געפינען,
עס וואָלט געווען אַ סוף צו דער קלאָג,
איך וואָלט דיך צוריקגעווינען . . .

וואָלטסטו נאָר דעם דינסטיק געקומען, גאָלד,
איך וואָלט דיר אַלץ געקענט זאָגן;
אַ גאַנצן גאָרטן מיט בלומען וואָלט
מיין האַרץ דיר אַנטקעגנגעטראָגן . . .

## אויב . . .

וואָס, וואָס נוצט עס, איבערקלערן
אַלץ אויפסניי, וואָס ס׳איז געשען,
אַלץ אויפסניי אַריינצוטראַכטן,
וואָס סע וואָלט געווען, ווען . . .

ס׳איז דאָך נאָר אַ פּראָסטע חקירה,
אַ מין פּלפּול, פונעם סאָרט
פילאָזאָפישע שפּעקולאַציע,
וואָס זי רירט ניט פונעם אָרט . . .

ס׳האָט קיין חקירה נאָך פאַרענטפערט
דעם באַגין, דעם ערשטן שריט;
דער בראשית דאַרף אמונה,
אַז מען גלויבט — איז וואויל און גוט . . .

איך וואָלט תיכף גוט באַגריפן
אַלצדינג, ביז׳ן קלענסטן פּרט,
אויב דו וואָלטסט געהאַט אמונה
אין מיין ליבשאַפטס פּראָסטן פּשט . . .

„אויב“ — די אַלטע אויבער־סברא
באַמבלט זיך מיר אַלץ אין קאָפּ . . .
און איך האַלט נאָך אַלץ ביים אָנהייב,
אַ פּאָעט, אַ נאַרישער טראָפּ . . .

## רעאַליזם

זיי קיין נאַר נישט, זוך קיין יושר
ניט ביי ווייבער, אַלט צי יונג;
האָסטו געלד און ביזט אַן עושר,
קויף פּרעזענטער, שענק אַ רינג . . .

דאָס וועט בולט'ער באַווייזן
יעדער ליאַלקע דיין געפיל,
ווי די שענסטע דיכטער־פּראַזן,
וואָס זיי פירן ניט צום ציל.

האָסטו אָבער ניט קיין מעות,
ביזט אַ קבצן מיט אַ טראָלד;
זיי געוואָרנט, מאַך קיין טעות:
צו אַ גאָלדע דאַרף מען — גאָלד!

## אפאָריזם

דו האָסט מיך קיינמאָל ניט ליב געהאַט,
מיך לאָזן קאַלט דיינע טרערן.
אַ פרוי, וואָס האָט אמת'דיק ליב, זי קעמפט,
לסוף — באַזיגט צו ווערן . . .

## האַרץ און מוח

כ'האָב מיר אויסגערעד מיין ליבשאַפט
מיט פאַרשטאַנד און מיטן שכל;
נאָר דאָס האַרץ בלייבט שטיין, באַגעגן
איך דיין זיסן, פאַלשן שמייכל . . .

## א כלל

סיי אין ליבע, סיי אין לעבן,
דאַרף מען אַלץ פּאַמעלעך גיין;
וואָס ס׳האָט ניט קיין צייט צו וואַרטן,
איז ניט ראוי צו באַשטיין.

קענסטו ניט פּאַמעלעך קומען
צו דיין ציל, איז דאָס אַ צייכן,
אַז דו וועסט דעם טייערן תכשיט
אויך ניט, אין גאַייל, דערגרייכן . . .

## א שפּיץ פינגער . . .

באָר אויף צו להכעיס איר,
ווייל ז׳איז נעכטן ניט געקומען,
האָב איך היינט אַן אַנדערע מיר
אין קאַפע-הויז מיטגענומען . . .

כ׳ווייס געגוי, דאָס איז ניט רעכט,
ס׳איז אַן עוולה און ניט ערלעך,
ס׳איז אַקעגן ביידע שלעכט
און — ס׳איז אפשר אויך געפערלעך . . .

ווייל, צוזאַמען זיצנדיק,
איז געוויינטלעך, דאָס פאַרשטייט מען,
אַז מען טוט אַמאָל אַ קוק,
נו, און אַז מע קוקט, דערזעט מען . . .

אָט, למשל, אירע הענט,
זייער צאַרטע, זיסע פינגער,
דווקא גאַנץ אינטעליגענט
און — ווייזט אויס — אַ ביסל יינגער . . .

## פּאַעטישער מסחר

„אומגליקלעכע ליבע״, זאָגט איר,
שרייבערס, שוטים, וואָס איר זענט;
דאָס איז דאָך די רעכטע סחורה,
ווייל מע שרייבט ערשט, ווען מע ברענט!

אָט, האָב איך עס צוויי טוץ לידער,
גאַנצע פּיראונצוואַנציק שטיק,
אין איין אָטעם אויסגעקוואָקעט,
אַלע — מיט אַן איינציקן צוק . . .

און ס׳איז אַלץ נאָר די התחלה,
נאָר אַ פונק פון יענעם בראַנד;
און איך זיץ שוין, אָנגעלאָדן
ווידער מיט דער פּען אין האַנט.

פערזן גייען ווי וואַרעמע זעמל,
(„פּערל״ רופט דאָס דער פּאָעט);
כ׳שיט מיט גראַמען פונעם אַרבל,
יעדע רגע — אַ סאָנעט.

ווערטער גיסן זיך ווי וואַסער,
שירים האָבן ניט קיין שיעור,
מיט אַ מבול טינט פאַרפלייץ איך,
וואו אַ שטיקל ווייס פּאַפּיר . . .

כ׳האָב אפילו נאָך אַ היזק;
מ׳איז דאָך ניט קיין קאַלטער פיש,
פאַלט אַ היפּש ביסל געפילן,
ניט געשריבן, אונטערן טיש . . .

זיכער ווערט מיר נאָך פאַרפאַלן
פון די פערזן גאַנצע שאָק;
ס׳איז ניט מעגלעך אויסצושעפּן
זלאַטעניו׳ך, מיין זיסע טאָק!

## דער קאַמף פון די מינים

איין געזעץ פאַר אַלע צדדים
האָט דער בורא אויפגעשטעלט;
גלייכע חוקים ומשפטים
זענען מושל אונדזער וועלט.

ליבשאַפט האָט די גלייכע דינים:
אויג פאַר אויג און צאָן פאַר צאָן.
נאָר דער חילוק איז, די מינים
קעמפן אונטער פאַלשער פאָן.

ס׳גאַנצע היציקע מחלוקת
ווערט ניט עפנטלעך געפירט;
וואָס ס׳האָט צוגעפירט צום רוגז,
עס באַווייזט זיך נאָר מאַסקירט.

יאָ, די פלאַם פון ליבשאַפטס־קנאה
פלאַקערט נאָר פאַרבאָרגענערהייט,
נאָר מ׳כלומר׳שט גליט די שנאה
אויף ביי יעדער נאַרישקייט.

מען צעהיצט זיך און מען קלוגט זיך
גאַנצע טעג אַרום אַ וואָרט;
נאָר דער אמת איז, מען קריגט זיך
איבער טיפערע סבות דאָרט.

און פון טיפערע יסודות
קריכט אַפיר דער קנאה־שד;
נאָר די לעצטע, טונקעלע סודות
בלייבן אַלץ — ניט אויסגערעד.

## נאַריש

ס׳איז אַמאָל פאַרהאַן אַ נאַר,
וואָס ער האַלט זיך גרויס, דערפאַר,
ווייל ער מיינט, ער איז ביכולת אויסצורעכענען,
ווי אַרום עס גייט דער ווינט,
ווי אַהין די כוואַליע רינט,
אַלצדינג, מיינט ער, קען ער אַקוראַט פאַרצייכענען.

אָט, אַ פּנים, אָט דער נאַר,
בין איך עס אַליין, דערפאַר,
ווייל כ׳האָב אַלץ מיך נאָך ניט אויפגעהערט צו בונטעווען;
שטרעב נאָך אַלץ צו דעם יסוד,
זוך נאָך אַלץ דעם לעצטן סוד
און איך פּרואוו מיך נאָך אַ אשה צו דערגרונטעווען!

## ראַציאָנאַליזם און ליבע

ס׳האָט דיין כיטרע אויבער-חכמה
דיך צו גאָרניט צוגעפירט;
ראַציאָנאַליזירטע ליבע
האָט אינגאַנצן באַנקראָטירט.

ליבע נאָכגיין מיטן שכל
איז אַ טעות, אומבאַדינגט;
אַז מען שפּאַנט אויף ליבע־סטעזשקעס,
מוז מען נאָכגיין דעם אינסטינקט.

מיט דער נאַסער געמבע מוזטו
ניוכען, נישטערן, ווי אַ הונט;
ווער עס וויל אַ ליבע שפּילן
מוז זיך דרייען מיטן ווינט.

## פריקרע אפשייד

מיר האָבן זיך היינט פאַרנאַכט צעשייד
אויף גאָר אַ פריקרע אופן ;
ס׳האָט יעדער פון אונדז, מיט זיין פעקל לייד,
זיך געאיילט, אַהיים צו לויפן . . .

ס׳אַ יעדער געלאָפן, גיכערהייט,
אין בוזעם מיט ביטערנישן ;
אויף דער צונג — נישט אויסגערעדטע רייד,
אויף דער ליפ — נישט געקושטע קושן . . .

## ליבע-צער

איך וואָלט גערן ביי דיר געבליבן,
גערן געוואָלט זיין לעבן דיר ;
נאָר, ס׳האָט מיך אַוועקגעטריבן,
כ׳בין אַוועק פון פאַר דיין טיר . . .

כ׳וואָלט דיך גערן אַרומגענומען,
גוטע ווערטער דיר געזאָגט ;
נאָר מיין וואָרט, עס מוז פאַרשטומען,
שטום האָט עס דיך צוגעקלאָגט . . .

און איך מוז אַליין צעשטערן,
וואָס דאָס האַרץ מיינס האָט געוואָלט ;
יאָ, מען מוטשעט, וואָס מ׳האָט גערן
און מען מאַטערט, וואָס מ׳האָט האָלד.

## צווישן די שורות

ווען דו וועסט די שורות לייענען, מיין קינד,
וועט פאַר דיר נתגלה ווערן,
די סבה פון מיין גרויסן צער,
דער קוואַל פון מיינע טרערן . . .

דו וועסט דיך דערוויסן ביי יעדן וואָרט,
וואו ד׳האָסט מיר אין פלייש געשניטן,
דו וועסט דערקענען אין יעדן אות,
די לייד, וואָס כ׳האָב געליטן . . .

נאָר לייענסטו אויך צווישן די שורות אַמאָל
(און אין דעם ביזטו, ווייס איך, אַ מומחה) —
פון די רויטינקע טראָפּנס דאָרט, לאָז דיר ניט
פאַרשטערן, חלילה, דיין שמחה . . .

## א אשה

געטריישאַפט און גרייטשאַפט און חכמה און חן,
כ׳האָב אַלע די מעלות אין זלאַטע׳ן געזען;
אין אירע צוויי אויגן דער וואַרעמער גלי,
ער האָט מיך באַגייסטערט: דו מלאך, דו!

מיט פאַלשקייט, פאַרשטעלונג, אַ צבוע׳יאַצקע נאַטור,
פלעג די אייגענע זלאַטע מיר עקן די יאָר,
דערגייין מיר מיין לעבן, פאַרשטערן מיין רו,
ביז כ׳האָב זי פאַרשאָלטן: דו, שטן, דו!

היינט, עלטער, געניטער און אָפּגעבריט,
איז דאָס גאַנצע פאַר מיר מער קיין רעטעניש ניט;
ווייזט די גאַנצע פּראָבלעמע ניט אויס אַזוי שווער:
ז׳איז אַ אמת׳ע אשה, ניט ווייניקער, ניט מער . . .

## די פּראָבע-שפּיל

קען זיין, דאָס האָט אויך אַ ביסל געשטערט,
כ׳האָב געפילט, ס׳איז ניט גאַנץ בנאמנות;
זי האָט מיר ניט קיינמאָל איינגאַנצן געהערט,
נאָר געמאַכט, מ׳כלומרש׳ט, הכנות . . .

קען זיין, כ׳האָב געהאַט דאָס טונקעלע געפיל,
אַז זי האָט ניט דאָס לעצטע געגעבן;
אַז איך בין נאָר געווען די פּראָבע-שפּיל
צו דער פּרעמיער פון איר לעבן . . .

## אפשייד

מיר האַלטן זיךביידע נאָך אַלץ ביי די הענט,
די פינגער פאַרפלאָכטן, ווי קייטן;
מיר זיצן נאָך, איינער צום צווייטן געווענד
און פאַרשטייען ניט איינער דעם צווייטן . . .

מיר קוקן זיך טיף אין די אויגן אַריין
און שמייכלען מיט טרויריקע בליקן;
מיר סטאַרען זיך ריידן, ווי גאָרניט וואָלט זיין,
נאָר די ווערטער זיי שטעכן און שטיקן . . .

מיר ווייסן, דער חלום מוז האָבן אַן ענד,
די ליבע געוועזן אַ פאַרפעלטע;
מיר האַלטן זיך ביידע נאָך אַלץ ביי די הענט,
נאָר די הערצער, זיי זענען צעטיילטע . . .

## אויף ראַטעס . . .

אויך איך האָב אַמאָל אַ ליבע געשפּילט,
אויך איך האָב געפילט אירע פרײדן,
אויך מיך האָט דאָס גרויסע פייער פאַרברענט,
פון גהינום און פון גן־עדן.

דער קאָן איז מיר אָבער צו הויך געווען,
כ׳האָב צופיל שאָדן געליטן;
האָב איך די גרויסע מטבע, צום סוף,
אויף קליינגעלט אויסגעביטן . . .

היינט ווייס איך, כ׳האָב געמאַכט אַ טעות,
ווי אַלע די יונגע כוואַטעס;
ווייל איצטער ברענט מען מיך ביסלעכווייז
און איך ווער געבראָטן — אויף ראַטעס . . .

## דער זיווג

פאַרן בחור איז דאָס האַרב,
ס׳איז פון די עינויים קשים,
זיך זיין זיווג צו געפינען —
איינע, צווישן אַלע נשים . . .

היינט איז מיר דער ענין קלאָר,
ס׳איז פאַרהאַן אַ סימן מובהק:
דאָרטן, וואו מ׳האָט דיך באַקומען,
טאַקע דאָרטן איז דיין זיווג . . .

## דאס געדיכט

(צו אַ יונגער שיינער דיכטערן, בשעת זי האָט מיר פאַרגעלייענט
אירע לידער)

פון די פראַכטפולע פּאָעמעס,
פון די הימל-הויכע טעמעס
בין איך אמת'דיק אַנטציקט.
פערזן פינקלען, בילדער בליצן —
נאָר, ביי דיר אין שטוב צו זיצן,
האָט מיך, כמעט, מער באַגליקט.

דער געזאַנג פון די געפילן
און די זיסע גראַמען־שפּילן,
ז'האָבן מיך ביים האַרץ געצופּט.
אָבער מער נאָך פונעם זינגער,
יענע צירלעך־צאַרטע פינגער,
האַלטנדיק דעם מאַנוסקריפּט.

דיינע ווערטער, די געוויילטע,
זענען פּערל, אויסגעציילטע,
פון אַ חידוש'דיקן גלאַנץ.
נאָר צו זען, ווי שמאָלע ליפּן
דעליקאַטנע פערזן זופּן,
האָט מיך אָנגע'שיכור'ט גאַנץ;

מיך געצוואונגען, זיך צו קערן
פון דיין ליד, געוועבט אויס שטערן,
בלאָער לופט און זילבער־ליכט,
פון די הימלשע געדאַנקען
צו דיין ערדישן לייב, דעם שלאַנקן,
צום דערהויבנסטן געדיכט!

## פאר יעדן קומט די שעה . . .

בעת דער יונגער כוח בליט,
איז מבזה דאָס געמיט
דער נשמה׳ס טיפעניש;
אַ פּאָר שנעלע, שאַרפע קושן —
און דער גוף איז שוין צעגליט.

בעת סע יערט דעם לעבנס זאַפט,
אין דער פולקייט פון זיין קראַפט,
קלערט מען ניט פון קיין סכנה;
ס׳האָט אַן איינציקע כוונה
די צעשפּילטע ליידנשאַפט.

יוגנט גריבלט ניט פאַרטראַכט,
שהיות ווערן ניט געמאַכט,
מען פאַרטרייבט דאָס טונקעלע, טריבע,
פילט זיך זיכער אין זיין ליבע,
דער ריוואַל ווערט אויסגעלאַכט.

נאָר ס׳איז גאָר אַן אַנדערע זאַך,
אַז דאָס לייב ווערט שווער און שוואַך.
איז דער גוף געוואָרן עלטער,
די געבליטן דינער, קעלטער,
טראַכט מען און מען רעד אַ סך.

אַז די שלעפן שימערן גראָ
און די אָדערן לייכטן בלאָ,
ווערט מען מער סטאַטעטשנע, טרייער,
פלאַקערט אויף אַן אַנדער פייער —
יאָ, פאַר יעדן קומט די שעה . . .

קושט מען פּאַרזיכטיק, גאַלאַנט,
נאָר די פינגער פון דער האַנט;
איז מען חושד, איז פאַרביטערט,
האָט מען מורא און מע ציטערט,
גליט און זיד דער קנאה־בראַנד!

## די סכנה

זיי געוואָרנט פאַרן סאָרט
ווייבער, מיידלעך אין די יאָרן;
נאָר איין אומבאַרעכנט וואָרט,
קענסטו, ברידער, מיאוס פאַרפאָרן . . .

אָט, ווי לאַנג זי קווענקלט, קלאָגט,
ווערט זיך קעגן די געפילן,
אַז ז׳איז ברוגז און זי זאָגט,
זי איז מיד אַ ליבע שפּילן —

אין אַזאַ צייט, לעב, געניס,
איז איר ליבשאַפט אַ מתנה;
ערשט, ווען ז׳הויבט אָן רעדן זיס,
איז זי נענטער, די סכנה . . .

אויב זי ווידערשפּעניקט ניט,
איילט זיך דיר אַקעגן, שנעלער,
און אויב איר געקעכץ איז גוט
און זי רוקט דיר צו דעם טעלער —

דענצמאָל, ברידער, האַנדל גיך,
זיי אַ בעלן און באַרעכן:
ס׳איז — „ויברח״, ווי פאַרן רוח,
אָדער — דו מוזט טעלער ברעכן! . . .

# טרויריקער אמת

ברידער, לאָמיר זיך ניט נאַרן;
אַז מ׳איז ניט מער איבריק יונג,
מוז מען זיך דעם מוח דאַרן,
מוז מען שאַרפן זיך די צונג.

הויבט מען אָן ויכוחים פירן
וועגן ליבע, וועגן פליכט,
הויבט מען אָן פילאָזאָפירן
און מ׳האָט צייט פאַר אַ געדיכט.

ברענגט מען גערן די שיינע ראיה
פון דער אשת־חיל, דער צוכט;
אַז אַ מענטש איז ניט קיין חיה
און — מען לייד פון אייפערזוכט.

הויבט מען אָן צו זאָגן מוסר,
אַז מען טאָר ניט זיין צו פריי,
האַלט מען שטאַרק פון יעדן איסור
און ווי וואויל ס׳איז, אַז מ׳איז טריי . . .

רעדט מען מער פונעם כאַראַקטער,
אַז ס׳איז מיאוס, צו זיין פאַרשייט;
און מען האַלט ניט פון דער נאַקעטער,
גשמיות׳דיקער מענטשלעכקייט.

איז מען גרייטער צו דערהויבן
דער נשמה׳ס איידלע קראַפט,
ביזן הימל אַריין צו לויבן
די פּלאַטאָנישע חבר׳שאַפט . . .

האַלט מען ניט קיין סך פון איילן,
דרענגט מען ניט אַזוי צום ציל:
און מען איז אַ גרויסער בעלן
אין דעם ענין פון געפיל.
— — — — — — — — — — — — — —
אָבער, אַז מ׳איז יינגער, ברידער,
קווענקלט מען ניט, נייןְ, מע ברענט;
שרייבט מען ניט אַזויפיל לידער,
מ׳האָט אַ בעסערן אַרגומענט.

מ׳האָט אַ הייס צעגליטן מוח
און מ׳איז גרייט און מ׳איז געשווינט,
ווייל מען פילט, אַז מ׳איז בכוח
און — פּאַר אַלעמען — געזונט!

## אַן עצה טובה

(דאָס זענען די זאַכן, וואָס אַ מענטש דאַרף צו טון;
וועט ער לעבן און געזונט זיין)

קריגט זי זיך מיט דיר, דיין פלונית,
לאָז זי רעדן, וואָס זי וויל;
ס׳איז אַ סימן פון גאונות,
אַז מען שווייגט, מען האַלט זיך שטיל...

קיינמאָל דעק ניט אויף דיין קערטל,
לאָז ניט איבערגיין די גאַל;
און „הכובש אַ גלייך־ווערטל״
איז נאָך אַלץ דער בעסטער כלל.

אָבער, אויב דו קענסט ניט שווייגן,
מוזטו אַלץ פּאַטאַקעווען
און זיך לאָזן איבערצייגן —
וועט זי זיך פּאַסמאַקעווען...

און באַנוץ דיך ניט מיט לאָגיק!
לאָגיק מאַכט אַן אשה ווילד;
איז דער תּירוץ דיינער וואָגיק,
האָסטו פאַראויס שוין פאַרשפּילט.

אויב זי הערט ניט אויף מיט טענות,
דו פאַרבלייב געלאַסן, קיל;
קום ניט אויך מיט טענות-ומענות,
ענטפער דו איר — מיט געפיל.

פרעגט זי מיט איר כיטרע שכל:
„נעכטן, וואו ביזטו געווען?"
ענטפער דו איר מיט אַ שמייכל:
„היינט ביזטו באַזונדערס שיין."

און דערלאַנגט זי דיר אפילו
טאַקע אין דער זיבעטער ריפּ;
שעפּטשע דו, מיט ווערטער שטילע,
עפּעס פון איר זיסער ליפּ . . .

שטענדיק דריק דיך אויס קאַפּויער!
ווייזט דיר אויס דאָס וועטער שיין,
קראַץ דיך אונטערן לינקן אויער:
„דאַכט זיך, סע וועט רעגענען . . ."

אויב דו קענסט ניט בלייבן זיצן
און דו איילסט דיך, אָן אַ שיעור,
זאָלן דיינע אויגן בליצן,
זאָג איר, אַז דו בענקסט נאָך איר . . .

אָבער ווילסטו זי דערבעטן,
זי זאָל זיין מיט דיר אַליין;
הייב דיך אויף און לאָז דיך בייטן,
זאָג איר, אַז דו מוזט שוין גיין . . .

מיט אַזוי אַ וואָרט, אַ קלוגן,
מיט אַ שמייכל, מיט אַ גלעט,
וועסטו דיר, בשלום, ליגן
אין אַן אויסגעוואָרעמט בעט!

## די ירושה

איך בעט דיך, האַלט מיר ניט שטענדיק פיר,
דערמאָן מיר ניט אַלץ מיינע חובות,
די קרבנות, וואָס דו ברענגסט צוליב מיר
און אַז דו טוסט מיר אַלץ טובות . . .

גיב אַכטונג, כ׳זאָל דיר ניט געבן דעם גט
און, צום סוף, ניט פון דיר אָפּלאַכן;
ווייל אַ ליבע צו שפּילן מיט אַ פּאָעט —
דאָ קענסט דו נאָך דעם טרעפער מאַכן . . .

וועסט זען, דאָס וועט דיר נאָך קומען צונויץ,
מ׳עט גיין צו דיר אויף חידושים;
מ׳עט דיך אָפּגילטן פאַר אַ ליאַדע נאָטיץ,
פאַר בריוולעך, פּאַפּירן, פּירושים . . .

און שפּעטער, אַז דו וועסט ווערן אַלט,
באַקומען אַ זויערע מינע,
וועסט ווערן צערונצלט, פאַרקאָרטשעט און קאַלט
און אויסזען, ווי אַ רואינע —

טראָגסטו אַלץ נאָך, טאַקע אין דיר אַליין,
אַן אוצר, אַ ממון־קורח;
דו דאַרפסט נאָר טון אַ גיב צו פאַרשטיין,
אַז איך בין געווען דיין אורח . . .

קענסט אַרומפירן אין הויז די געסט,
זיי ווייזן, וואו כ׳בין געזעסן;
די טעלער, וואָס כ׳האָב פון זיי דיין קעסט
מיט פאַרגעניגן געגעסן . . .

דו קענסט זיי אַרויספירן פאַר דער טיר:
„אָט, דאָ פלעג דער דיכטער שפּאַצירן;
און דאָ פלעג ער, טאַקע בשעת׳ן שפּאַציר,
במחשבה די פערזן סקאַנדירן . . .

אָט, דאָס איז געווען זיין ליבלינגס־אָרט,
דאָ קענט איר נאָך זען זיינע שפּורן . . .
און לעבן יענער אַלטער רואינע דאָרט
האָט דער דיכטער פאַרבראַכט זיינע יאָרן״ . . .

## דער ליטעראַרישער קרבן

אמת, כ׳האָב איר גוט פאַרפאָרן,
איך האָב זי געמאַכט צו שטויב;
און מיין זלאַטע איז געוואָרן
שטיל און ציכטיק, ווי אַ טויב . . .

נאָר איך וואָלט געזאָגט אַ ליגן,
אַז דער מצב איז מיר רעכט
און עס מאַכט מיר פאַרגעניגן,
וואָס איך שלאָף שוין האַלבע נעכט . . .

פריער, אַז זי פלעג דערקוטשען,
פלעג איך פאָרן אין דער גיך;
און וואָס מער זי פלעג מיך מוטשען,
מער געצויגן נחת־רוח . . .

## סאַטירישע פּערזון

מיט אַ פּערז פּלעג איך מיר קילן
דאָס פּאַרוואונדיקטע געמיט;
די צערודערטע געפילן
פּלעג איך פּיעשטשען מיט אַ ליד . . .

אַלצדינג, וואָס איך האָב געשריבן,
איז געווען אמת, עכט;
ניט געקינצלט, ניט געקליבן,
נאָר געשפּיקעוועט, געדיכט.

אמת, ביי די אַלע שטיקלעך,
וואָס זי האָט מיר אָפּגעשפּילט,
בין איך ניט געווען גליקלעך,
אָבער — כ'האָב עס כאָטש געפילט . . .

אמת, אַז זי פּלעג מיר עקן
מיינע יאָרן, יונגערהייט;
ס'איז געווען שאַנד און שרעקן,
כ'האָב געהאַט געברוינטע לייד . . .

ס'איז געווען, איך זאָג עס אָפן,
צרות און געהאַקטע וואונד;
איך בין אַזש מיט בלוט פאַרלאָפן,
כ'האָב פאַרלוירן דאָס געזונט . . .

נאָר — עס איז געווען לעבן;
ס'האָט געשטראָמט און ס'האָט געשפּריצט,
ס'האָט דאָס וואָרט זיך איינגעגעבן,
ס'האָט געפינקלט און געבליצט.

די מחשבות פּלעגן קומען,
די פאַנטאַזיע האָט געבליט,
גראַמען פּלעגן אויפצושווימען
און געוואַקסן איז מיין ליד.

יאָ, די פערזן פלעגן פליסן,
ווי אַ לעבעדיקער קוואַל
און די לידער זיך צעגיסן,
ווי אַ פרישער וואַסערפאַל . . .

איצטער אָבער מוז איך דומען,
אין געדאַנקען, גאַנצע נעכט;
און דאָס וואָרט, עס וויל ניט קומען,
און די גראַמען זענען שלעכט . . .

איצטער דאַר איך מיר דעם מוח
איבער ווערטער, שעה׳נלאַנג;
און דאָס גאַנצע איז אָן כוח
און עס טוט מיר, אמת, באַנג . . .

יאָ, עס טוט מיר באַנג אין האַרצן,
אויב איך טו מיר אַ באַטראַכט,
ווי דו פלעגסט מיר צו פאַרשוואַרצן
מיינע יאָרן, טאָג און נאַכט . . .

און, הגם, וואָס כ׳האָב געליטן,
ליגט מיר היינט נאָך טיף אין טעם,
וואָלט איך אפשר פאָרט געביטן
פאַר אַ לעבעדיקן גראַם . . .

און די אַלע טענות זענען,
תכשיט מיינער, מיט אַ טאָלק:
מעגסט מיך בראָטן, מעגסט מיך ברענען,
ס׳איז צוליב — דעם יידישן פאָלק!

מעגסט דיך ווידער מיט מיר שפּאַרן,
מעגסט מיר אָנטון שפּאָט און שאַנד;
ס׳וועט מיך פונקט אַזויפיל האַרן,
ווי אַן אַרבעס אין דער וואַנט.

מעגסט מיך פּייניקן און פּלאָגן,
מעגסט מיך ווידער מאַכן דול,
מעגסט אין ד׳רערד אַריין מיך קלאָגן,
נאָר בתנאי, אַז: בלייב ניט שטיל!

מעגסט מיך מאַכן אייפּערזיכטיק,
זיין קאָקעטיש מיט די פריינט —
היינט איז אַלץ דאָס ניט מער וויכטיק,
ס׳איז אַן אַנדערער ענין היינט.

היינט האָב איך דערקענט, ס׳אַ חיוב,
אַז עס איז אַ דיכטערס פליכט,
ער זאָל ליידן זוויווי איוב,
אויב עס לעבט נאָר — זיין געדיכט;

אַז ער טאָר ניט זאָגן זאַכן,
וואָס ער האָט ניט דורכגעפילט;
אַז ער טאָר ניט גראַמען מאַכן,
ווייל דער גראַם האָט אים געשפּילט.

כ׳וועל דערפאַר דיך מער ניט שטראָפן,
איך וועל טראָגן מיינע לייד
און מיך רואיק לעגן שלאָפן —
ווייל אַצינדער — בין איך גרייט!

יאָ, כ׳בין גרייט, מיך צו צעשטערן,
צו פאַרלייקענען מיין נאַטור;
איך בין גרייט, אַ קרבן ווערן
פאַר דער יידישער ליטעראַטור!

## לערן-געלט

צאָלן מוז מען לערן־געלט,
אַז מ׳איז פרעמד אין אַ מדינה
און ,ביט איינמאָל, ווערן „גרינע"
גיזוק אין דער נייער וועלט.

מ׳האָט מיך אויך ניט שלעכט דערטאַפּט,
מען האָט אויסגענוצט מיין טעות,
אויסגענאַרט דאָס ביסל מעות,
מ׳האָט פון מיר דאָס בלוט געצאַפּט.

ביז כ׳האָב אויסגעלערנט די קונץ,
ביז איך בין געוואָרן קלוגער,
ביז איך בין, כמעט, אַ היגער,
און באַצאָל מיט גלייכער מינץ!

## גראם און טראפ

אויב נאָר די מחשבה בינט זיך,
בינט זיך, על פי רוב, דאָס וואָרט
און אַ גוטער גראַם געפינט זיך
טאַקע תיכף, אויפן אָרט.

אויב מען האָט אַ חוש, צו הערן,
ווי עס גייט דעם האַרצנס קלאַפּ,
קען מען באַלד אַ מבין ווערן
אויף נגינה, טעם און טראָפּ.

חוש און חכמה, האַרץ און מוח,
אָט, אין דעם באַשטייט די קונץ;
ווער עס קען און ווער ס׳האָט כוח,
דער וועט ווערן — דיכטער־פּרינץ!

## קריטיק

ס׳עפּעס טאַקע, ווי אומיסטן:
מיינע פריינט, די עסעאיסטן,
האַלטן ניט פון מיין עסעי,
נאָר — די לידער לויבן זיי!

אָבער מיינע דיכטער־ברידער
זאָגן אָפן: דיינע לידער
זענען ניט אַזוי . . . דו ביזט —
אַ בריליאַנטענער עסעאיסט!

## א חוצפה׳דיקס

איך האָב פאַר אייך צוגעגרייט
ריינעם ווייץ מיט גוטן קאָרן,
האָט איר מיט דער נאָז פאַרדרייט,
ס׳איז אייך ניט געפעלן געוואָרן . . .

נו, רבותי, אויב אַזוי,
אויב איר האָט פאַרשעמט מיין עסן,
מעגט איר טאַקע קייען שטרוי
און געמיינעם האָבער פרעסן . . .

## חזיר׳יי

פון אַ חזיר׳שן עק
קען מען ניט קיין שטריימל מאַכן;
ס׳איז ניט מעגלעך, אין דער צואה,
די געַ׳סרחה אויסצואוויכן . . .

גייט אַ גזילה־בויך אין שוהל,
איז דאָס נגד דרך־הטבע;
און דער גנב איז ניט יוצא,
גיט ער מעשר פון גניבה.

מיט אַ שרץ אין דער האַנט,
נוצן ניט קיין מקוה־וואַסערן;
און אַז מ׳איז אינגאַנצן טריפ׳ע,
איז, וואָס נוצט עס, חזיר אסר׳ן?

די צוויי׳פנים׳דיקע שטיק
טויגן גלאַט אויף אַ כפרה;
און, ווי יעדער ווייסט, איז „שתוף״
מיאוסער פון עבודה־זרה . . .

אויב ניט „כולו זכאי״, מוז
„כולו חיב״ זיין די ברירה;
זיי־זשע כאָטש ניט קיין בעל־פחד
און שטיי צו צו דיין עבירה.

זיי־זשע כאָטש אַ מאַן! דער עונש
בלייבט דיר, סיי ווי, ניט פאַרשפאָרט;
עסטו חזיר, זאָל דיר רינען
טאַקע ביז איבער דער באָרד!

# א דיכטערס אוצרות

איך האָב דיר, פון סאַמע אָנהייב, געזאָגט,
איך פאַרמאָג ניט קיין עשירות
און די דירה מיינע, אומשטיינס געקלאָגט,
איז ניט פון די שענסטע דירות . . .

דו ווייסט אויך, אַז איך בין נאָר אַ פּאָעט,
פון די קלענערע מיוחסים;
אַ טיש, אַ שטול, אַ קאַליע בעט —
אָט, דאָס זענען מיינע נכסים.

דו ווייסט, לא עלינו, איך לעב אין נויט,
קוים איינמאָל, אין אַ שמיטה,
בין איך טועם אַ זיכער שטיקל ברויט
און — איך דריי מיך אַרום אָן אַ פּרוטה.

פונדעסטוועגן, טענה׳סטו, ס׳איז דיר ליב,
אַריינצוגיין אין מיין בידנע,
מיין אָרעמע, ענגע, עלנטע שטוב
און — ס׳איז דיר קיינמאָל ניט נודנע . . .

נו, מוז דיך דאָך עפּעס ציען צו מיר,
דעם קבצן, דעם לא־יוצלח,
דעם שלומיאל, וואָס טענטלט אָן אַ שיעור
און רעד זיך נאָך איין, דאָס איז נוצלעך . . .

עס מוז דאָך זיין דערביי אַ טעם,
דו זאָלסט מיר דיין חבר׳שאַפט געבן,
מיר, דעם שוטה בן פּיקהאָלץ, וואָס, פאַר אַ גראַם
איז ער מקריב זיין גאַנץ לייב און לעבן . . .

נאָר נאָך וואָס זאָל איך ברייען, אָן אַ ברעג,
אַז דו קענסט דעם סוד פון מיין חשיבות;
און ס׳איז אפשר שוין צייט, צו מאַכן אַן עק
צו דעם געקינצלטן עניוות . . .

יאָ, דו ווייסט, איך בין ניט אַזאַ אָרעמאַן,
אַזאַ אביון, אָפּגעהיט ווערן;
און אַז ביי מיר אין שטוב איז פאַראַן
תכשיטין, ווי ביי מיליאָנערן . . .

אין דער אמת׳ן בין איך אַ גרויסער גביר,
אַ פריץ, פון די גאָר הויכע;
און אוצרות פאַרמאָג איך אָן אַ שיעור,
וואָס ניט יעדער איז דערצו זוכה . . .

ווייל, וואָס איך פאַרמאָג, איז אַ גאָטס־געשאַנק,
פון דעם אייבערשטן אַ מתנה;
כ׳האָב אַ מטמון מיט גאָלד פון אַ זון־אונטערגאַנג,
אַ הון עצום פון דער לבנה.

אַ חוץ דעם גאָלד־ און זילבערוואַרג,
האָב איך פערל, ריינע, ווי טרערן;
און אָנגעוואָרפן ביי מיר איז אַ באַרג
מיט די שענסטע, בריליאַנטענע שטערן . . .

כ׳האָב אַ שאַץ, אַ בלאַנקענדיקן סקאַרב
מיט שטיינער פון אַלע סאָרטן,
אבנים־טובות פון יעדער פאַרב,
וואָס פינקלען און שימערן דאָרטן.

דאָרט לייכט זיך די אָפּאַלענע פּראַכט
פון אַ מערב־הימל, ביים שטאַרבן;
און דאָ אַ שאַפּירן־בלאָע נאַכט,
דאָ אַ וועלט־ים׳ס טורקיזענע פאַרבן . . .

אַ מאָדנע, כישוף׳דיקע שיין
שטראַלט פון אַ שמוראַק, אַ גרינעם;
עס פּערלט און גיסט זיך רויטער וויין
פון בלוטיקע רובינען . . .

## סאַטירישע פּערזן

און די שטיינער, זיי בלישטשען און בליאַסקען און בליען
און שפּילן אין אַלע קאָלירן;
זיי שוימען און שפּריצן און גלאַנצן און גליען
און שמינקלען און שעמערירן . . .

און ווי נאָר דו עפנסט אויף מיין טיר,
צעשטראַלן זיך טויזנטער ליכטער!
און טרעטסטו אַריבער די שוועל צו מיר,
ביזטו אין שלאָס פון — אַ יידישן דיכטער!

## וואס דער יידישער לעזער זאגט . . .

אָט גיי איך, דאָ ניט לאַנג, אויף דער ווייטשעפּל־רויד,
פאַרטראַכט, מיט אַ שריט, אַ מידן,
באַגעגן איך דאָרט אַ באַקאַנטן פון מיר,
אַ זייער בכבוד'ן יידן.

איר קענט דעם סאָרט מענטש ; שוין כלומפרשט מאָדערן,
אַ סוחר, פאַרנומען תמיד,
באַהאַוונט גאַנץ פיין אין ליטעראַטור
און — דאַוונט נאָך אַמאָל פאַרן עמוד . . .

וואָס זאָל איך אייך ברייען ? — ס'איז גראָד דער פאַרשוין,
דער סתם־ייד, דער פּראָסטער, אָן „איזמען",
דער בעסערער יידישער לעזער פון היינט,
וואָס זיין דעה אויסהערן מוז מען . . .

מיר האָבן, געוויינטלעך, זיך באַלד צע'שמועס'ט
און איך האָב געפּרואווט אַ כאַפּ טאָן
פון אים, וואָס מען הערט אויף דער יידישער גאַס,
ביים דופק אים אַ טאַפּ טאָן . . .

אַלץ, וואָס ער האָט מיר מודיע געווען,
מיר, דעם טשיקאַווע מחבר,
גיב איך דאָ איבער, וואָרט ביי וואָרט,
לטובת פון די יידישע שרייבער.

— — — — — — — — — — — — — — —

„איך בין, ווי איר ווייסט," האָט געזאָגט דער פאַרשוין,
„פאַרטון אין משא־מתן ;
פונדעסטוועגן פאָרט געבליבן אַ פריינט
פון ביכער און ליטעראַטן.

נאָר, עפּעס אַ היפּש ביסל יאָרן שוין —
עס וויל זיך כמעט ניט גלייבן —
בין איך געוואָרן דערוויטערט שטאַרק
פונעם ליטעראַרישן לעבן . . .

איך קום ניט מער מיט מיט דער נייער צייט,
(צי וויל זי צו מיר ניט קומען ?),
די לעצטע חדשים בפרט, האָב איך קוים
אַ ספר אין האַנט גענומען.

איך בעט אייך, קריג מיט פּאָליטיק,
די געשעענישן יאָגן
זיך, איינס באָכ'ן צווייטן, און מען איז
פאַר'טרוד'ט און פאַרטראָגן . . .

הגם, ס'אפשר פריער דאָס גלייכע געווען
און, וואָס איך זאָג, איז קיין תירוץ;
מיר האָבן, פאַרצייטנס, פאָרט צייט געהאַט
פאַר אַ שלום-עליכם, אַ פרץ . . .

מיר האָבן אפילו לידער געליינט,
געליינט און כמעט געזונגען;
געדענקט איר נאָך די פייערדיקע קעפּ
פון יענעם דור, דעם יונגען ?

געדענקט איר די צייטן פון „מאָניש" נאָך ? —
אַזעלעכס בלייבט אין זכרון —
ווי די גראַמען האָבן געקנאַקט און געטשאַקט,
אָט, דאָ איז מען גלאַט געפאָרן . . .

און ביאַליק'ס שירים.. און רייזן.. און פרוג..
און ראָזענפעלד'ס לירישער כוח ?
דעם אומגעלומפּערטן שניידערס וואָרט
האָט אָנגעכאַפּט האַרץ און מוח . . .

## געזאַמלטע לידער

נאָר, נאָכדעם, האָט עפּעס געטראָפן אַ זאַך;
ביי געוויסע מאָדערנערע שריפטן,
איז דער פּשוט׳ער עולם, דער פּראָסטער ייד,
געבליבן אין דער לופטן . . .

אַט, האָט מיך, אַנומעלט, אַ שטאַרקע געטון
דער יצר־הרע — און טאַקע
דווקא מאָדערנע ליריק געקויפט,
כמעט צווייהונדערט זייטן, געשמאַקע.

איך האָב מיך געגעבן אַ נעם דערצו,
גלייבט מיר, מיטן גאַנצן חיות;
מיט מער כוונה לערנט ניט
אַן ערלעכער ייד זיין משניות.

איך האָב מיך פאַרטיפט, בנאמנות, פּונקט
ווי אין דער האַרבסטער גמרא;
נאָר, אסור, צי כ׳האָב פאַרשטאַנען אַ וואָרט,
אַזוי זאָל היטלער זיין די כפרה . . .

קוים לעז איך אַ צוויי, דריי שורות — איז אויס,
פאַרפאַלן, פאַרליר איך דעם פאָדעם,
כאָטש האַק און בראָק און איך קוק דאָרט אַריין,
ווי אַ האָן אין דעם בני־אדם . . .

עס גייט ניט. אומזיסט. אַ האַלבן מעת־לעת
האָב איך מיך אומזיסט געמוטשעט;
אַז איך פאַרשטיי ניט זיין גאַנצן דרך . . . אויך ווייזט
מיר דאָס לשון אויס מאָדנע סקאַליטשעט . . .

דערביי איז דאָס ביכל געווען אַן אַנטיק,
אַ זויבערס, אַ שיין געבונדנ׳ס
און דווקא ניט ביליק; כ׳האָב מזומן באַצאָלט
פאַר ליריק! — ניין שילינג מיט סיקס־פּענס . . .

נאָר איך בין ניט — חלילה! — קיין רעאַקציאָנער,
כ׳ווייס, עס בלייבן ניט שטיין די ציַיטן;
סיי אין לעבן, סיי אין דער ליטעראַטור —
די מאָדעס מוזן זיך בייַטן . . .

פונדעסטוועגן זענען מיר יידן קיין פאָלק
פון איבעררייסן, צעשטערן;
להיפך פון וואָס אַ טייל זאָגן, קיין פאָלק
פון רעוואָלוציאָנערן.

אָט איז שוין פאַרגאַנגען טויזנטער יאָר,
זינט אַ בוך איז געוואָרן געשריבן
און פאַרט זענען מיר, עד היום, געטריי
צו דעם הייליקן ספר פאַרבליבן . . .

מיר האָבן אַ ברית־עולם, אַן אייביקן בונד
מיט די פריערדיקע דורות:
מיר פאַרגעסן די אַלטע תורה ניט
צוליב ניי־געמ׳לאכה׳טע „טוירעס״ . . .

פאַרקערט, זי בלייבט דער פעסטער יסוד,
אינעם ים פון צייטן דער טורעם,
וואָס ווייזט צו דער נייער תקופה אַ וועג,
אַן אַריבערגאַנג אין דעם שטורעם.

נאָר היינט, ווייזט אויס, פעלט דער אַריבערגאַנג,
איך זע ניט דעם בונד, דעם געטרייען,
צווישן איצט און אַמאָל; מיר פעלט די בריק,
די בריק פון דעם אַלטן צום נייען.

מיר פעלט דער המשך, דער קשר, דער קנופּ,
די אויסגעהאַלטענע שורה,
אַ רינג אין דער אַלטער, גאָלדענער קייט,
דער גלאַנץ פון דער יידישער צורה.

## געזאַמלטע לידער

די נשמה, די יידישע, דאַכט זיך, פעלט,
וואָס אייביק בלייבט זי די גלייכע;
עס פעלט דער געזונטער גמרא־גייסט,
די שפּראַך, די באַ׳טעמ׳טע, די רייכע.

ס׳איז ניט מער דאָס יידיש פון אַמאָל,
ניט יידיש, דאָס פּראָסטע, געטרייע,
ניט מאַמע־לשון, זיס־אינטים
און האַרציק, אַ מחיה . . .

געשריבן פאַרצייטנס אַמאָל, צי איצט:
די ווערק, וואו ס׳איז פאַרהאַנען
די אַלע סימנים פון „יידיש״קייט —
זיי וועלן אייביק ווערן פאַרשטאַנען . . .

היינט אָבער פאַרשטייען לחלוטין זיך
ניט מער די דורות,ביידע;
און איך קען בשום אופן ניט משיג זיין
די „אייניקלעך״ פוגעם „זיידע״ . . .

און די טענה פון וועלן „דערציען דאָס פאָלק״,
די פראַזע — איך קען זי פון פריער;
נאָר בילכער, מיין איך, וואָלט אפשר געווען,
אַז דאָס פאָלק זאָל זיין אונדזער „דערציער״ . . .

אַמאָל איז דער שרייבער אַרויס פון פאָלק
און ער האָט פאַרן פאָלק געשריבן;
ר׳האָט די בעסטע כוחות פון אים געשעפּט
און איז אַליין — אַ שטיק פאָלק פאַרבליבן.

היינט איז אַדורכגעריסן דער באַנד
פון די שרייבערס צו די מאַסן;
זיי זיצן און גראַמען ביים גרינעם טיש,
דאָס פאָלק אָבער לעבט — אויף די גאַסן.

זיי זענען דערוויטערט פונעם פאָלק, פון זיין קוואַל,
פון זיינע סודות, די זיסע.
זיי שטייען אַליין; געוואָרן אַ קליק,
אַ ליטעראַרישע חברותא . . .

און ס'איז נאָר אַן אויסגעטראַכטע זאַך,
ס'איז אַן אַנדערע, ביליקע פראַזע,
אַז מיר ווילן ניט וויסן פונעם יידישן וואָרט
און מיר זענען יידיש מבזה.

אָט, פרואווט אייך און גיט אונדז אַ פּראָסטע כתב,
אַ סחורה, וואָס לאָזט זיך פאַרקויפן,
וועט איר ניט דאַרפן, מיט אייער געשריפט,
דעם לעזער נאָכצולויפן;

וועט איר ניט דאַרפן שטיין אויף דער גאַס
און וואַרטן אויף נדבות,
וועט ניט אַ ליאַדע בעל־הבית
מיט אייך קענען טרייבן קאַטאָוועס.

פאַרקערט, מיר וועלן עס וואַרטן אויף אייך,
מיט אייערע נכסים;
איר וועט צוריק די פריצים זיין,
די ליטעראַרישע מיוחסים.

מיר וועלן אייך צוטיילן כבוד אַ סך,
אייך, די שרייבערס און די זינגערס;
איר וועט האָבן לאָרבער־קרענץ אויף די קעפּ
און אין קעשענע די קלינגערס . . .

אַ יעדער וועט אייך מקנא זיין,
איר וועט שיינען, ווי שבת־ליכטער.
מ'עט זאָגן: ראָטשילד איז נאָר אַ גביר,
אָבער ר' שמואל איז אַ יידישער דיכטער!"

# פאַרשלאָסענע הימלען

צו דעם פאַרשלאָסענעם הימלס פינצטערער פּראַכט,
צו זיין פּרוכת, צו דעם שוואַרצן, שווערן,
צו גאָט׳ס דערצערנטער, פאַרשטומטער מאַכט
האָב אויפגעהויבן איך, ביינאַכט, מיין שטערן:

כמעט אָן האָפענונג, דו זאָלסט מיך הערן,
שטיי איך, אין יאוש, פאַר דיין טונקעלער טיר;
צו שפּעט די תפילות און אומזיסט די טרערן —
נאָר, וואו זיך אָנפּרעגן, אויב ניט ביי דיר?

אָ גאָט, איז צו דער שטראָף נאָך ניט קיין שיעור,
קיין סוף, קיין ערך ניט צו דיינע גזירות?
די שערי־רחמים אייביק צו פאַר מיר,
קיין אַנדערער תיקון ניט צו די עבירות?

איז ניט פאַראַן ביי דיר קיין אַנדערע ברירות,
צי איז דער פּסק אויף אייביק אָפּגעמאַכט? . . .

— — — — — — — — — — — — —

אייזקאַלט געשוויגן האָבן אַלע ספערעס
און איך, פאַרגליווערט, האָב איך מיך פאַרטראַכט

אין דעם פאַרשלאָסענעם הימלס פינצטערער פּראַכט! . . .

## געפּענטעט

איך בין — אַ פּחדן — פֿאַר מיין גאָט אַנטלאָפֿן,
געוואָלט באַהאַלטן מיך פֿאַר זיין געזיכט;
געמיינט, מיר שטייען אַנדערע וועגן אָפֿן,
איך קען אַנטרינען פֿון פֿאַר גאָטס געריכט.

פֿאַרגעסן, אַז פֿאַרצייכנט און געבוכט
איז יעדער רגע, וואָס האָט זיך פֿאַרלאָפֿן,
אַז קיין באַהעלטעניש איז פֿאַר זיין ליכט —
ווייל איצט, לסוף, האָט גאָט מיך דאָך געטראָפֿן.

ווייל, סוף כל סוף, האָט גאָט מיך דאָך דערגאַנגען
און מיך, אין מיין פֿאַרבאָרגעניש, דערזען;
געפּענטעט צו אַ סקאַלע מיין געביין,

מיך צוגעקאָוועט צו אַ פֿעלזנשטיין,
כ׳זאָל קיינמאָל מער ניט פֿון זיין תחום אַנטגיין —
און איצטער ערשט האָט גאָט מיך גאַנץ געפֿאַנגען . . .

# אנטפּלעקונג

קוים נאָר, וואָס ד׳האָסט מיך, גאָט, אַרויסגענומען
פון דער בהלה, פון דעם וועלט־יריד —
האָט מיך אַן אַנדערע וועלט אַרומגענומען,
אַ וועלט פון רו פאַר מיין צערודערט בלוט.

כ׳האָב קוים געטון צו דיר דעם ערשטן שריט,
איז שוין דיין חסד צו מיר צוגעקומען;
איך פּיל די קייטן, פּיל דעם אונס ניט
און — אַלע בענקענישן, זיי פאַרשטומען . . .

פאַר יענער פרייהייט, וואָס כ׳האָב אָפּגעגעבן,
גיסטו מיר, גאָט, אַ גרעסערן געווין;
מיט מיר אַליין, דערקען איך, ווער איך בין,

אַנטפּלעקט זיך מיר מיין זינד׳ס פאַרבאָרגענער זין,
אַנטפּלעקן זיך די סודות פון דיין דין,
די שולד און שטראָף און תשובה פון מיין לעבן!

## חרטה

דער וועג פון תשובה צווינגט מיך, אומצוקערן
זיך קריק צו דעם, וואָס איז אַמאָל געשען;
און עפּעס טרייבט מיך, איך זאָל איבערקלערן
די אַלע דרכים, וואָס איך פּלעג צו גיין.

און שוין פאַרמאָג איך מער ניט צו פאַרשטיין
די אייגענע זינד, דאָס זיך־אַליין־צעשטערן,
דעם חטא, וואָס מיין זכרון לאָזט מיך זען
און וואָס זיין חרפּה וויל מיך אַזש פאַרצערן.

ביז איך דערפיל, ווי כ'וואָלט אַריינגעזונקען,
פאַר בושה, אין אַ פייערדיקן פלאַם,
אַז אין מיר יערט אַ ברענענדיקער סם,

ביז, דורכגעווייקט דערמיט, גלייך ווי אַ שוואָם,
ווער איך עס אין אַ שוימענדיקן ים
פון שאַנד און פון חרטה איינגעטונקען . . .

## עקשנות

איז אַלץ נאָך ניט די צייט, זיך צו דערהייבן
פון עולם־הזה־שפּיל און זיסער זינד?
צי פאַלט דיר שווער, דעם משכון אָפּצוּגעבן,
צי טוט דיר באַנג דיין יוגנט, וואָס אַנטרינט?

פאַרמאָגט אַ שפּילכל, נאָך איצט, דאָס קינד
מיט חשק און פאַרלאַנגען צו באַלעבן,
איצטער, בעת גאָט אַליין האָט דיר פאַרגינט,
אַז תשובה איז נאָך דאָ פאַר דיר, ביים לעבן?

פאַרמאָגט דאָס פליטערל אַרויסצופּרעסן
ביי דיר, נאָך איצטער, זיפצן און געוויין?
און ווילסט דיך ניט דערמאָנען און ניט זען,

אַז האַרט ביזטו אַמאָל געווען, ווי שטיין?
און אַז דיין וועג הייסט איצט: צוריקצוגיין?
צי האָסטו אַלצדינג, אַלצדינג שוין פאַרגעסן?

## הכנעה

אָ גאָט, וואָס דו האָסט מיך אַרויסגעצויגן
אויס יענער נעץ, געקניפּט פון טעות און זינד;
און וואָס, מיט דיין הילף, בין איך אויפגעשטויגן
פון פלייצנדיקע טיפן, אָן אַ גרונט;

אָ גאָט, וואָס ס׳איז ביי דיר געוואוסט אַצונד,
ווי טיף דאָס האַרץ מיינס איז צו ד׳ערד געבויגן,
און אַז איך בין איצט גרייט, נאָכצוגיין בלינד
נאָך דיר און ניט די האָפערדיקע אויגן;

אָ גאָט, הגם איך האָב מיך גאַנץ פאַרלוירן
אין דער מהומה צווישן גוט און שלעכט,
לאָז מיך ניט פאַלן, אויפן וועג, פאַרשוועכט . . .

נעם אָן דעם ווילן פון דיין שוואַכן קנעכט,
דערבאַרעם דיך און מאַך מיך, דו, גערעכט
און עפן אויף פאַר מיר דיין רחמים׳ס טויערן! . . .

# א טענה

לאָז ניט, מיין גאָט, דעם יונגען צווייג פאַרוויאַנען,
איידער ער האָט אַן איינציק מאָל געבליט;
לאָז מיין נשמה ניט אַוועק פון דאַנען,
איידער ז'האָט איינמאָל אין דיין גלאַנץ געגליט.

כ'בין מודה, כ'האָב דיין וועג ניט אָפּגעהיט,
אין טוואָן פון תאווה בין איך טיף געשטאַנען
און לאַנג האָט ווידערשפּעניקט מיין געמיט —
נאָר כ'האָב דיך דערנאָך, גאָט, נאָך ניט פאַרשטאַנען . . .

האָסט נאָך ניט צו דערקענען דיך געגעבן,
איך האָב פון דיר כמעט נאָך ניט געוואוסט,
מיין וועלט האָט הפקר אויסגעזען און פּוסט;

איך פלעג נאָר נאָכצוגיין מיין אייגענעם גלוסט,
ווייל כ'האָב נאָך ניט פאַרזוכט, ווי גוט דו ביזט,
דאָס גליק ניט, אין דעם גלאַנץ פון גאָט צו לעבן!

## "יסורים של אהבה"

גאָט, זינט איך האָב דערקענט, אַז ס'איז דיין דרך,
צו לייטערן דעם זינדיקן מיט לייד
און ווי עס ווערט פאַרבונדן, אָן אַן'ערך
דיין חסד, גאָט, מיט דיין גערעכטיקייט —

בין צו מיין שטראָף איך שטענדיק צוגעגרייט
און צו מיין ווייַ, ווי צו אַ ווייב, געהער איך;
אין טיפסטן יאוש מיינעם ציטערט פרייד,
ווייל מיט מיין צער דיין צדקה, גאָט, פאַרמער איך . . .

און כמעט האָב איך די יסורים גערן
און בין זיי טועם, ווי אַ זיסן ווייַן,
וואָס גייט אין יעדן אבר מיר אַריין;

אַ שמחה איז פאַרבאָרגן אין מיין פיין,
מיין שמערץ איז ווי אַ טרייסטנדיקע שיין,
ווי אַ הבטחה, אויסגעלייזט צו ווערן . . .

## דער נשמה׳ס שפּייז

יאָ, איך בלייב פריי, אויך אונטער דראָט־שטאַכעטן,
טיף, אין מיין האַרצן, פריי און אומבאַוועגט;
דאָס גשמיות מיינס איז נאָר געשמיד אין קייטן,
אין תפיסה נאָר דער גוף אַריינגעלעגט.

דער גייסט אין מיר, ער האָט זיך ניט געבייגט,
די ענגשאַפט קען ניט מיין נשמה טייטן,
וואָס זי איז ניט געבראָכן, נאָר געבייגט —
און פּרוואווט, אויך דאָ, די פליגלען אויסצושפּרייטן . . .

ווייל דאָ אויך קען זי איר יניקה ציען,
קען זי זיך, אין די טעמנע תפיסה־נעכט,
איינפלעכטן אין דעם געטלעכן געפלעכט,

זיך טרייסטן מיט דער שיין פון אייביק רעכט,
זיך קוויקן מיט די קוואַלן פון זיין ליכט,
קען שפּראָצן זי און גאָט אַנטקעגנבליען . . .

## די רפואה

גאָט, איך דערוועג מיך ניט אויף מיר צו בעטן
און בין מיך ניט מתרעם אויף מיין נויט;
כ׳ווייס, מיר לטובה בין איך איצט אין קייטן,
ווייס, ס׳איז דיין משפט מיין נשמה׳ס ברויט!

איך ווייס, געפאַלן איז אויף מיר די נויט,
כדי מיין צורה אויף דאָס ניי צו קנעטן,
מציל צו זיין מיך פון דעם אייביקן טויט
און אייביק לעבן פאַר מיר צוצוגרייטן . . .

כ׳ווייס, אין דיין שטראָף באַהאַלט זיך די ישועה
און אין דעם מרור, וואָס איך שלינג אַצונד,
די תרופה, אויף צו מאַכן מיך געזונט;

אַז איך וועל ווערן זעענדיק פון בלינד,
אַז ס׳איז פאַראַן אַ וואוילטיק אין מיין וואונד
און מיט דער רעה הויבט אָן די רפואה!

ג ל י י ב י ק ע   ס אָ נ ע ט ן

# תקומה

כאָטש אַלץ נאָך אין אַ טיפֿן זומפּ פֿאַרזונקען,
ראשי ורובי נאָך אין גהינום׳ס טיף,
כאָטש אַלץ אין נאַכט און טונקלקייט געטונקען,
פֿאַראומערט און אין פּחד — גייסט און גוף,

האָט מיך דערגרייכט אַן ערשטער, זאַנפֿטער רוף,
האָב איך דערזען אַ ליכט פֿון ווייטן ווינקען,
דערזען — בשעת מיין האַרבער תשובה׳ס פּרואוו —
פֿון האָפֿענונג די ערשטע זילבער־פֿונקען! . . .

די שטראַלן שפּילן ביז צו מיר אין תפיסה
און וואַרעמען דאָס פֿאַרגליווערטע געביין
און טרייסטן: אַז ס׳איז ניט אומזיסט געווען . . .

אַז כ׳האָב געמוזט דעם גהינום דאָרעכגיין,
כדי, געלייטערט, ווידער אויפֿצושטיין,
אַן אויפֿשטייאונג, אַ תקומה נאָך דער מיתה! . . .

# דער שכר

איז דאָס פון דיר געווען, האָסטו געוואונקען,
איז דאָס מיט דיין הסכמה, גאָט, געשען ?
דעם כוס פון זינד, האָב איך אים נאָר געטרונקען,
איך זאָל זיין זיסע ביטערקייט פאַרשטיין ?

האָסטו, כדי איך זאָל דעם אָפּגרונט זען,
מיך אין דעם טיפן טוואַן אַריינגעטונקען
און נאָר, איך זאָל זיין טיפעניש דערגיין,
דערלאָזט, כ׳זאָל ביזן דנאָ אין זומפּ פאַרזינקען ?

מיך, סוף כל סוף, פאָרט ווידער צו דערהייבן
און מיך צו פירן, מיט אַ גנעדיקער האַנט,
צו יענעם זילבער-בלאָען הימלקאַנט,

צו יענעם ריינעם, לייכטנדיקן לאַנד,
וואו נויט און שרעקעניש און שטראָף און שאַנד,
וואו אַלץ וועט זיין פאַרגעסן און פאַרגעבן ? . . .

# תכלית

איך ווייס ניט, וויאַהין עס וועט מיך פירן
דאָס מזל מיינס, פאַרבאָרגן און פאַרשטעלט ;
צו פּראַכטפולע פּאַלאַצן, גילדענע טירן,
צום גלאַנץ, וואָס פון די הויכע פענצטער קוועלט,

דאָרט, צו דער דימענט־גלינצערנדיקער וועלט,
דער פריצישער, פון שטאָלץ און שימערירן,
צי גאָר אַראָפּ : אין טונקלקייט און קעלט,
כ׳זאָל חסר ווערן דאָרט און מיך פאַרלירן . . .

איך ווייס ניט, וויאַהין מיך וועט פאַרטראָגן
מיין מזל׳ס ווינט און ניט צו וועלכען ברעג ;
איז שלום אָנגעברייט פאַר מיר, צי שלעק ?

איך ווייס נאָר, ס׳איז דער אָנהויב און דער עק,
מיין אינווייניקסטער תכלית און מיין צוועק :
אויף יעדן וועג גאָטס ווילן צו דעריאָגן ! . . .

## דער עיקר

גאָט, אויף ווי ווייט איך קען מיך קריק דערמאָנען,
האָב איך פֿאַרמאָגט דעם חוש פֿון גוט און שלעכט;
לאַנג, לאַנג שוין, איידער כ׳האָב דיך נאָך פֿאַרשטאַנען,
האָב איך דערקענט די הערשאַפֿט פֿון דיין רעכט!

און שפּעטער, אין מיין לעבנס ווייסטע נעכט
און בעת איך פֿלעג אויף טונקעלע וועגן שפּאַנען,
האָב איך געוואוסט: דיין משפּט איז גערעכט,
אַז יושר, גאָט, איז נאָר ביי דיר פֿאַרהאַנען.

פֿון דיר פֿאַרוואָרפֿן, גאָט, צי אויסגעקליבן,
אין גהינום־גרויל, צי אין גן־עדן׳ס זון,
איך בלייב, וואָס כ׳בין געווען און וואָס איך בין:

מיין לעבנס עיקר און זיין טיפֿסטער זין
איז אַלץ געווען: צו מצדיק זיין דיין דין —
און צו דעם עיקר בין איך טריי געבליבן!

ג ל י י ב י ק ע  ס אָ נ ע ט ן

## פּאַרוויייטיקטע ליבשאַפט

ביזט מיר נאָך קיינמאָל אַזוי נאָענט געווען,
ווי איצטער, בעת איך קען פון דיר נאָר קלערן,
נאָר חלומ׳ען פון דיין ערנסט־שטילן חן,
דיין טיפן בליק, דיין פאָרשנדיקן שטערן . . .

ווי איצטער, בעת איך קען צו דיר געהערן
נאָר אין דמיונות, נאָר אין טרוים דיך זען,
איצט, בעת מיין צערטלען־דיך באַשטייט אין טרערן,
מיין ליבשאַפט׳ס גליק נאָר אין אַ הייס געוויין.

דיין האַרצנס טיף, כ׳האָב זי ערשט איצט געפונען
און שפּעט, צו שפּעט דערגרייכט איר גילדענעם גרונט;
איצט איז מיר, במחשבה נאָר, פאַרגינט,

מיחד מיך צו זיין מיט דיר, מיין קינד . . .
און פילעווען מוז איך מיין בענקשאַפטס וואונד,
דעם צער, וואָס האַלט מיך צו דיר צוגעבונען . . .

## דערוואַרטונג

דיין טיר איז טונקל און דיין שטוב איז פּוסט,
נאָר איך בין גערן גרייט, אויף דיר צו האַרן;
מיין אָרעם האַרץ האָט לאַנג ניט מער געוואוסט
פונעם גליק, נאָך אַ פאַרערטער פרוי צו גאַרן . . .

פונעם צאַפּלדיקן גליק, פון די געפאַרן,
וואָס ציטערן אין דעם וואַרטנדיקנס ברוסט,
צו לאָזן זיך פון פרעמדע שריטן נאַרן
און זיך צו זעטיקן מיט זיין אייגענעם גלוסט . . .

אין גיכע וויזיעס בייט זיך אַלץ דיין בילד.
דאָס איז אַ שטענדיק שפּיל און שימערירן,
אַ שטענדיק דיך־געווינען און פאַרלירן . . .

נאָר, דורך די ליידן מיינע, וואָס באַצירן
דיך מיט אַ פלוט פון פאַרביקע קאָלירן,
שיינט דורך דיין שמייכל, זיס און אָפּגעגילט . . .

# צום יאָרצייט

(דעם זכרון פון מיין מאַמען)

נאָך דעם פאַרלוירענעם אוצר טוט מיר באַנג,
וואָס כ'קען אים קיינמאָל מער ניט קריק באַקומען;
נאָך יענער צורה, וואָס מיין לעבן לאַנג
וועט זי, אין מיין זכרון, ניט פאַרשטומען.

ווייל, כאָטש דו ביזט פון מיר אַוועקגענומען,
לעבט, אומעט־זיס, נאָך אַלץ אין מיין געדאַנק
דער זכר פון דיין פּנים'ס גלאַנץ, דעם פרומען,
דיין צניעות'דיקער, קוים געהערטער גאַנג . . .

דיין תמימות, דיין עניוות, אין לשער,
וואָס, טיף באַליידיקט און געקרענקט אפילו,
האָסטו פאַרדעקט דיין ווייטיקס מאָס, די פולע,

און — פאַר אַ טרייסט — געשעפּטשעט ווערטער שטילע
פון „גאָר אַ נייע תחינה", צי אַ תפילה,
אַז נאָר איין גאָט האָט עס געוואוסט דיין צער . . .

## אין זכות פון תורה

(דעם זכרון פון מיין מאַמען)

באַקלער איך טיף און מיטן גאַנצן חיות
דעם סוד פון אונדזער הייליקן געבאָט,
און — אויס די קליינע אותיות פון משניות —
באַווייזט זיך מיר די גרייס פון אונדזער גאָט,

ווען בייז און ביליק אפיקורסות האָט
פאַרן בנין פון די אייזן־האַרטע ראיות
געמוזט פאַרשטומען, מיט זיין פרעכן שפּאָט,
ווערט עס ערשט רעכט פאַר דיר, אין הימל־בית . . .

ווייל דאָרט אפילו האָט די מאַמע מורא
און זאָרגט זיך פאַרן זון, אויב ער באַגערט
אינעם וואָרט פון גאָט און אין זיין אייביקן ווערט;

און ווייסט ערשט, בעת זי האָט זיין קול דערהערט,
אַז קיינער קען אים מכשיל זיין אויף דר'ערד,
ווייל אים באַשיצט דער זכות פון לערנען תורה! . . .

# א משונה קריג

(דעם זכרון פון מיין מאַמען)

זיץ איך, פֿאַרטיפֿט אין הייליקן משנה־וואָרט,
זיץ איך ביים ברעג פון יענע אייביקע קוואַלן,
וואָס זיינע גילדענע גרונטן זענען דאָרט —
קומט עס מיר פאָר, איך הער, ווי שווערדן שאַלן!

ס'איז ווי אין אַ מהומה! ביקסן קנאַלן,
ס'איז מיינע ד' אמותן'ס ענגער אָרט
אַ פעלד, וואו פעכטערס פעכטן זיך און פאַלן,
אַ קריגעריי פון אַ באַזונדערן סאָרט.

מיט דרייצן מידות ווערט געפירט די שלאַכט,
אַ חיל פון מחשבות — די סאָלדאַטן,
די קיימא־לן'ס און ראיות — די האַרמאַטן;

נאָר איינער וויל דעם אַנדערן ניט שאַטן,
זיי זענען אַלע זין פונעם גלייכן טאַטען,
זיי שלאָגן זיך פאַר גאָט און פאַר זיין מאַכט!

# הימלשע תענוגים

(דעם זכרון פון מיין מאַמען)

די נשמה דיינע האָט הנאה דאָרט,
אין יענער הויכער, יענער הייליקער ספירה,
פון יעדן פסוק, יעדן פרומען וואָרט,
וואָס שטייגט אַרויף צו דיין דערהויבענער דירה.

באַווייזן זיי זיך פאַר דיין ליכטיקער צורה,
ביזטו ערשט נהנה דעם געבענטשטן אָרט;
מיין לערנען דאָ איז דאָרט, ווי זאָגן שירה,
מיין לימוד אַ געווירץ פון זעלטענעם סאָרט . . .

דאָס, מאַמע, איז מיין גרינגער גמול פאַר דיר,
פאַר אַלע קריוודעס, וואָס ד'האָסט אַלץ פאַרשוויגן;
איצט, שמייכלענדיק ביי מיין גמרא־ניגון,

געפינסטו תענוג ערשט און פאַרגעניגן,
לאָזטו דיך פון זיין ווייכן טראָפּ פאַרוויגן
אונטער דער תכלת־בלאָער הימל־טיר! . . .

## אונטערן שאטן

זינט כ׳האָב מיך דיר אינגאַנצן אָפּגעגעבן,
פאַרגייט בשלום שוין מיין תּפיסה-טאָג;
אַ זיסע האָפנונג הויבט אָן אויפצולעבן
און גרינגער ווערט דער יאָך, וואָס איך דערטראָג.

דערקענענדיק מיין גזר׳ס גערעכטע וואָג;
און צו מיין צער, צום ווייטיק פון מיין לעבן,
צו מיינע טרערן און מיין תּשובה־קלאָג
איז אַ משונה זיסקייט צוגעגעבן . . .

אַ טונקל, זיס געפיל, ס׳איז נאָר אַ בחינה,
ס׳איז אַ נסיון נאָר די גאַנצע פּיין,
פון אַ רפואה־טרונק דער ביטערער וויין;

אַ וועג, אַ דרך צו דיין ליכטיקער שיין . . .
אַז אונטער אַלעמען מוז השגחה זיין
און אונטער אַלע שאָטנס וואַרט די שכינה!

## פרייהייט

די פרייהייט האָסטו, גאָט, מיר קריק געגעבן,
איר הייסער אָטעם עטעמט ווילד, ווי פריער;
ווי פריער רעש׳ט און רוישט און ברויזט דאָס לעבן
און כ׳בין פאַרטויבט, פאַרגלושעט אָן אַ שיעור . . .

דער ערשטער שריט, אַרויס פון תפיסה־טיר,
האָט שוין צעשטערט די אַלע לופט־געוועבן,
וואָס כ׳האָב מיר, פרייהייט, אויסגעמאָלט פון דיר . . .
וואָס אָבער האָסטו, פרייהייט, מיר צו געבן?

ווי גרינג דער שכר, וואָס כ׳האָב ביי דיר געפונען!
און זענען גאָטס געבאָטן ניט געטריי?
בין איך עס ניט, מיט זיי פאַרבונען, פריי?

פרייהייט איז חלום, שוים און שפּילעריי!
ווייל, ווייט פון גאָט, בין איך אַ קנעכט אויפס ניי
און איך בין פריי, נאָר, בעת איך בין געבונען!

# תענית־חלום

אָ גאָט, וואָס ד׳האָסט געוויזן מיר די גזירה,
שוין אָנגע׳חתמ׳עט, אַז זי וועט געשען,
און — אין אַ חלום — לאָזטו מיך דורך שווערע
עינויים און יסורים דאָרעכגיין . . .

און לאָזט מיך זען, אין אַנגסטן, מיין געביין
פאַרפּלאָנטעט אין דער נעץ פון מיין עבירה,
אין צרות, וואָס אַ מענטש קאָן ניט באַשטיין,
אין יאוש און ניט האָבנדיק קיין ברירה . . .

אָ גאָט, וואָס לאָזט מיך די סכנה וויסן,
אויב איך וועל פאָרט ניט אומקערן מיין שריט,
אָ, זע מיך תשובה טון נאָך די מינוט . . .

לאָז־זשע מיין פאַסטן, מיין געמינערט בלוט,
זיין ווי דעם קרבן׳ס דם און חלב גוט
און — אין דעם זכות — זאָל זיין דער גזר צעריסן!

## אחריות

אַז ער זאָל תשובה טון, האָסטו די ברירה
געגעבן, גאָט, אין יעדן יחיד׳ס האַנט
און ביזט — אין זיין זכות — מוחל די עבירה
ניט נאָר פון אים, נאָר פונעם גאַנצן לאַנד!

איך ווייס, מיין גאָט, די טיפקייט פון מיין שאַנד
און זאָג אַרויס, בפה, מיין זינד, די שווערע;
איך בין מכניע מיך און מיין פאַרשטאַנד
פאַר דער גערעכטיקייט, גאָט, פון דיין גזירה!

לאָז־זשע דעם ווייטיק מיינעם, לאָז מיין צרה,
וואָס איך נעם אָן, מיט פרייד, פון דיינע הענט,
לאָז זיין מיינע יסורים אָן אַנ׳ענד,

מיין צער, וואָס האָט כמעט מיך גאַנץ פאַרלענד,
די אימה, וואָס אין מיינע אָדערן ברענט,
פאַר אונדזערע חטאים — אַ כפרה!

## פאַרוואָס?

גאָט, איך נעם אָן פאַר רעכט אַ יעדע גזירה
און פאַר דעם עונש מיינעם — דאַנק איך דיר;
איך ווייס, ס'אַ תשובה נאָר צו מיין עבירה,
ווי לאַנג, גאָט, אַז דו שלאָגסט מיך, העלפסטו מיר . . .

נאָר דיינע שלעק, זיי פאַלן אויך אויף איר,
אויף ווייב און קינד עס ליגט דיין האַנט, די שווערע;
זיי ליידן דאָרט יסורים אָן אַ שיעור
און — האָבן קיינמאָל ניט געהאַט קיין ברירה . . .

ווי זאָל איך עס פאַרענטפערן זייערע קלאָגן,
מיט וואָס, מיין גאָט, דאָס אומשולדיק געוויין?
אָ, לערן מיך מיין אחריות צו פאַרשטיין!

דאָס ווייב מיינס, ציכטיק, צניעות'דיק און ריין,
מיין יינגאַלע, פאַרלאָזן און אַליין,
פאַרוואָס, גאָט, זענען נעבעך זיי געשלאָגן?

## דערפאַר

(א) בחירה

איך וויל פאַרענטפערן, זאָגט גאָט, דיין חקירה
און דו, גיב אַכטונג, זאָלסט עס משיג זיין,
אַז אין מיין משפט איז ניטאָ קיין סתירה
און אַז דער יושר איז, אויף אייביק, מיין!

איך האָב געשענקט דיר פון מיין אייגענער שיין,
כ׳האָב דיך באַשאַפן אין מיין אייגענער צורה,
געטון די ברירה אין דיין האַנט אַריין,
כ׳האָב דיר געגעבן, מענטש, די פרייע בחירה!

אַ פרייער ביזטו, מיט אַ פרייען ווילן,
אַ פרייער, דיך צו פירן גוט, צי שלעכט,
פריי, אויף צו זיין גערעכט און אומגערעכט;

דיין האַנט קען בויען און דיין האַנט צעברעכט,
דו קענסט מיך שטאַרקן און ד׳האָסט מיך פאַרשוועכט,
קענסט מורד זיין און מיין באַפעל דערפילן!

# דערפאר

(ב) די כפרה

דאָס וויל ניט גאָט אומשולדיקע קרבנות,
דיין בחירה נאָר האָט עס אַזוי געווענד,
דו, מענטש, פאַרקערסט די געטלעכע כוונות,
דיין פלייש און בלוט, עס ווערט פון דיר פאַרלענד!

ד׳האָסט דיין משפחה׳ס ציכטיקייט געשענד
מיט זנות, מיט קלות־ראש און מיט לצנות;
דו האָסט דעם הייליקן זיווג אויפגעטרענט
און דו אַליין ביזט גורם דאָס פורענות . . .

דו האָסט עס איבער זיי געבראַכט די צרה,
פאַרוואָגלט זענען זיי דורך דיר אַצונד,
דורך דיר איז איצטער ווי צו זיי און וואונד . . .

דיין ווייב, דאָס טרייע און דיין אָרעם קינד,
דער קרבן זענען זיי פאַר דיינע זינד
און פאַר די עוולות דיינע — די כפרה . . .

# דערפֿאר

(ג) אחריות

דאָס שלאָגט ניט גאָט די מענטשן, ווי אַ בלינדער,
דעם רשע און דעם צדיק, גלייכערהייט;
נייך, די נשמות משפּט ער באַזונדער,
לויט יעדע האָט איר שכר זיך צוגעגרייט.

און אויב איר בלינדע מענטשן מיינט, איר זעט,
זיי אַלע טרעפֿט דער גלייכער פּסק אַצונדער,
אַז, אָן אַ חילוק, ווערן זיי געטייט,
סיי אַלט, סיי יינג, סיי ווייבער, קליינע קינדער —

ווייסט, אַז ניט גאָט איז גורם זייערע גזירות
עס קומען ניט פֿון גאָט די ביטערע שלעק,
דער צער, די צרות צרורות אָן אַן עק . . .

די צוולות אונדזערע הרג'ען זיי אַוועק;
ס'איז זייערע טרערן, זייער שאַנד און שרעק,
דער פּסק פֿון אונדזערע אייגענע עבֿירות . . .

# די שװערד

איך בין געװעזן שטומפּיק, ניט צו נוצן,
אַ רוי שטיק אײַזן, װאַלגערנדיק זיך אויף דר'ערד ;
האָט דיר געפעלן, גאָט, מיך צו באַנוצן
און ד'האָסט מיך אויסגעװײלט, צו זײַן אַ שװערד !

כאָטש כ'האָב מיך לאַנג אַקעגן דיר געװערט,
האָסטו מיך אויסגעשמיד אין גליענדע היצן,
האָט מיך דײַן פײַער כמעט אויפגעצערט
און מיך געפּאַרמט מיט שאַרפן און מיט שפּיצן.

איצט בענק איך, ברען איך, דורך דער לופט צו סװישטשען
און צו דעם שונא גלוסט מײַן שטאָל אַצונד,
אויף אים צו בושעװען, אַ שטורעם־װינט ;

זיך טיף אַרײַנצוטונקען אין זײַן װאונד,
צו זען, װי פון דער שאַרף דאָס בלוט זײַנס רינט
און — בלוט־געזעטיקט — אין דער זון צו בלישטשען ! . . .

# זיבן יאר

(צו מיינע ברידער און שוועסטער אין די פרייע מדינות)

1939

מיינסטו, מיין פאָלק, פאַרוואָר, אַז מיט אסיפות
ווערט עס געלעשט דער בראַנד פון אונדזער וועלט,
און נמאס'ע כבודים און חניפות
באַשאַפן דיר דעם פירער און דעם העלד?

שעמסטו דיך ניט, צו שטיין אָוועקגעשטעלט
פאַר יעדן יונג, וואָס האָט גענוג חציפות,
און מיינסטו טאַקע, אַז פאַר שמוציק געלט
קענסטו צו דער קרענק קויפן די תרופות?

גיי גיכער און פאַרקריך דיך אין אַ מויער,
אַ זאַק טו אָן, ס'איז גלייכער צו דיין וואונד!
אַש אויף דיין שטערן, קריעה רייס אַצונד,

און ווער, צו ד'ערד די אויגן דיינע, בלינד!
פרואוו פון דיין וויסטקייט צו דערגיין דעם גרונט,
אפשר אַ טרער צו לאָזן צו דיין טרויער!...

## 1940

צי מיינט איר, גאָט האָט אונדז אַרויסגעקליבן
און אונדז אַהער, אין זיכערקייט, געבראַכט;
ר'האָט אונדז צום לעבן, ניט צום טויט פאַרשריבן,
ווייל מיר, מיר זענען אפשר מער געאַכט

פון די קדושים אונדזערע, וואָס, אין נאַכט
און יאוש, זענען נעבעך דאָרט פאַרבליבן,
צו ווערן, אָן רחמנות, אומגעבראַכט
און פון משונה מיתות אויפגעריבן? . . .

זייט וויסן, איר, פאַרשטומפיקט און פאַרדאַרבן,
אַז ניט דערפאַר האָט גאָט אונדז ניט צעשטערט,
האָט אונדז זיין צאָרן נאָך ניט אויפגעצערט . . .

ניין! גיכער, ווייל מיר זענען עס ניט ווערט,
אפילו נאָך ניט זוכה צו זיין שווערד,
אפילו ראוי ניט, צו זיין אַ קרבן . . .

## 1941

וואָס דאַרף דען נאָך געשען, דיך אויפצואוועקן,
מיין פאָלק, פאַרגליווערט אין אַ טיפן שלאָף,
וואָס, דיך פון דיין סבלנות אויפצושרעקן
און פון אַ נייעם, נאָנטן תשעה־באב?

איז אַלץ נאָך ניט גענוג די האַרבע שטראָף?
צי וויל דער בלוטיקער קרבן אַלץ ניט קלעקן?
צי וואַרט איר דווקא, איר זאָלט אויך, ווי שאָף,
דעם שוחט אייער האַלדז אַנטקעגנשטרעקן?

ווילט איר ניט פּרואוון און דעם פּסק פאַרמיידן?
ווילט איר, דערווייל אין זיכערן געמאַרק,
דערקענען דענצמאָלט ערשט, אַז גאָט איז שטאַרק,

ביז ניט איר פילט אַרום דעם האַלדז דעם וואָרג,
דערפילט דעם קאַלטן חלף אויפן קאַרק,
און — ביז מ׳עט אייך דעם גאָרגל דאָרעכשניידן?

## גלייביקע סאָנעטן

### 1942

דער חלף פרעסט, סע וואָיעט ווילד די חמה,
דער גרימצאָרן פון גאָט אויף יידיש בלוט!
נאָר דו, מיין פאָלק, מסוכן און אין אימה,
ביזט אַלץ נאָך ניט משנה דיינע שריט . . .

שטייסט פאַר דעם פסק, פאַר גאָט׳ס דערהויבענער רוט,
אַ ציטערנדיקע, נאַרישע בהמה;
זעסט אין זיין כתב קיין טעם, קיין תוכן ניט,
ווי אין אַן אָפּגעריסן בלאַט, א שמה . . .

און ווילסט ניט וויסן, ניט פאַרשטיין, ניט הערן . . .
און טאַקע, ווי מע שלאָגט אַן אָקס, אַ שטיק
בהמה און זי פאַלט געבראָכן קריק,

פאַרגלעזט די אויגן, מיט אַ טריבן בליק,
אַ פרעג אין תמ׳עוואַטע גסיסה־קוק —
— — — — — — — — — — — — —
אַזוי וועסטו, מיין פאָלק, געשלאָגן ווערן! . . .

## 1943

יאָ, לויפט נאָר, איילט אייך נאָר צו אייערע פולע
טעמפּלען און שוהלן, שטופּט אייך נאָר אַהין,
ווי דאָרטן וואָלט געוואַרט אויף אייך די גאולה —
נאַרט אייך נאָר אָפּ מיט איין טאָגס תשובה־טון! . . .

איר וועט ניט אָפּנאַרן גאָט'ס האַרבן דין;
ניט אויסקויפן דערמיט די פיינע קהילה,
וואָס אייערע קעפּ האַלט איר געבויגן און
צעקייט דאָס שטרוי פון אייער טרוקענער תפילה! . . .

ווייל גאָט, ער זעט אייך און פאַרשטייט אייך בעסער,
און די יום־כפור-פרומקייט נאַרט אים ניט . . .
דאָס מויל, וואָס פלאַפּלט איצט אַזוי געניט,

ס'איז שטום געבליבן ביי זיין ברודערס בלוט . .
איצט איז אומזיסט די תפילה, וואָס איר טוט
און זי באַהיט ניט פאַר דעם שחיטה־מעסער! . . .

גלייביקע סאַנעטן

## 1944

צי מיינט איר, אייער זינד איז שוין געטיליקט
און אייער שטראָף האָט איר שוין אויסגעקרענקט ?
גאָט האָט מיט אייך דעם חשבון שוין געסילוקט ? —
איר וועט נאָך לעכצן נאָך זיין דין, געדענקט ! . . .

דער חטא וועט עס ניט ווערן אייך געשענקט !
דערפאַר, וואָס בעת מ׳האָט אייער פאָלק פאַרטיליקט,
דעם ברודער אייך דערשטיקט, פאַרברענט, דערטרענקט,
האָט איר, מיט אייער שווייגן, איינגעוויליקט —

וועט איר זיי נאָך מקנא זיין דעם קרבן . . .
וועט איר, פון צער און קימערנישן קראַנק,
נאָך זען אַ חסד אין דער שחיטה־באַנק ! . . .

טויט וועט אייך פאַרקומען ווי אַ געשאַנק,
איר וועט דעם מערדער זאָגן נאָך אַ דאַנק
און רופן גליקלעך דעם, וואָס איז געשטאָרבן ! . . .

## 1945

מיר וועלן נאָך אַליין אַרויסגעפונען,
צי איז אַ בעסער גורל צוגעטיילט
אונדז, וואָס מיר זענען פאַר דעם פּסק אַנטרונען,
צי זיי, פון גאָט אַ קרבן אויסדערוויילט . . .

אונדז, צו די לעבעדיקע צוגעציילט,
צי זיי, וואָס האָבן זייער סוף געוואונען
און האָבן זיך די נשמות אויסגעהיילט
מיט יענעם בלוט, וואָס איז פון זיי גערונען . . .

זיי, וואָס דערהויבן זיך צו ליכטיקע שטערן,
צו אַ גן־עדן, אַ געבענטשטן לאַנד;
צי אונדז, אַנטלאָפענע פאַר דעם שופט'ס האַנט,

צי אונדז, פאַרבלייבנדיק אין אונדזער שאַנד,
אונדז, אינעם בוזעם מיט אַן אייביקן בראַנד,
אונדז, וואַרטנדיק, נאָך מער געשטראָפט צו ווערן? . . .

## יאוש

איצט זענען אַלע ברונעמס אויסגעשעפּט,
דער שטראָם פון רחמים, ער איז אויך פאַרשפּאַרט;
גאָט׳ס חסד איז אינגאַנצן אויסגעוועפּט,
זיין אייביקער קוואַל, פאַרטריקנט און פאַרדאַרט . . .

צו גרויס די עוולה און די זינד צו האַרט;
מיר האָבן דעם פסק־דין צו לאַנג פאַרשלעפּט;
מיר האָבן גאָט צו פיל שוין אָפּגענאַרט
און — דער בעל־חיוב ווערט לסוף געקעפּט . . .

איצט איז קיין ענטפער מער צו אונדזער נויט;
תפילות און טרערן ווערט ניט מער געאַכט;
די טויערן זענען אַלע צוגעמאַכט . . .

איך זע אַרום: די וועלט — אַן אייניציקע נאַכט!
אַ שוואַרצער ים פליייצט אין דעם פינצטערן שאַכט,
און אַלע זיינע ברעגעס הייסן — טויט! . . .

# שלאפגעטראנק

דאָס איז ניט לעבן מער, ס'איז נאָר אַ טליען,
דאָס טליען פון אַן אויסגעברענטן קנויט;
דאָס מידע בלוט אין מיר, סע וויל נאָר רוען,
זוכט נאָר אַ שטיקל ברעג צום ים פון נויט . . .

אָ, ווי וואָלט גוט געווען אַצונד דער טויט,
דער גאָרטן, וואו די שוואַרצע בלומען בליען,
דאָס פלושגעלעגער, טונקל־שאַרלאַך־רויט,
זיך דאָרטן, בהרחבה, אויסצוציען . . .

אָ, וואָלט איך איצטער יענעם טרונק געפונען,
וואָלט איך דאָס זיסע שלאָפגעטראַנק געהאַט,
דעם שווערן וויין, וואָס מאַכט אויף תמיד זאַט . . .

כ'וואָלט מיך פאַרגלושעט מיט זיין אַראָמאַט,
און מיין נשמה, אָפגעשלאפט און מאַט,
וואָלט שלום אין איין לאַנגען שלאָף געוואונען . . .

## צוליב דיין אייגענעם נאָמען

דעם רשע האָסטו, גאָט, אויף אונז געבראַכט,
כדי דו זאָלסט אונדז שטראָפן און דערשרעקן,
ניט אָבער גאַנץ צו ווערן אומגעבראַכט . . .
מיין גאָט, דו ווילסט אונדז נאָר פון שלאָף דערוועקן ! . . .

ער אָבער אַכט ניט דיינע הייליקע צוועקן
און גייט אַריבער זיין רשות און טראַכט
אונדז, פון דיין וועלט, אינגאַנצן אויסצומעקן
און ר'איז מבזה, גאָט, דיין נאָמענס מאַכט . . .

האַלט־זשע שוין איין די האַנט פון צווייטן המן
און לאָז אים שטרויכלען, גאָט, נאָך די מינוט !
ווייל מ'האָט ניט רעכט דיין נאָמען אָפּגעהיט,

ביזטו ניט חס אויף אייגענע קינדערס בלוט
און לאָזט, ס'זאָל ווערן ימים־וויז פאַרשיט —
זיי־זשע כאָטש חס, גאָט, אויף דיין אייגענעם נאָמען !

# די מזלות

פאַרהאַנען טעג, אַז, מיינט מען, ס׳וועט צעשטערן
אַ מבול אונדזער זינדיקע ערד אויפס ניי;
אַז אָט, וועט עס די וועלט זיך איבערקערן
און אַז דער סדר עולם איז פאַרביי...

און נאָר, בעת אויפן הימלישן געביי
צעבלישטשעט זיך, בייגאַכט, אַ חיל פון שטערן,
דערקענט דאָס האַרץ, אַז גאָט איז אַלץ געטריי
און הערט ניט אויף זיין חסד צו פאַרמערן.

ווייל אויבן, הויך און איבער די בהלות,
וואוינט גאָט און פירט מיט יושר און געדולד
זיין וועלט, פאַרפלאָנטעט אין דער אייגענער שולד.

און דער נשמה׳ס יאוש ווערט געשטילט
ביים פלימערן פון אַ היימיש שטערנבילד,
ביים אָנזע פון די אייביקע מזלות!

## גאָט׳ס שמייכל

אַרויף, צום נאַכטלעך־הויכען הימל, קערן
זיך צו די בליקן אין דער בלאָער נאַכט,
וואו מיליאַסן בלישטשענדיקע שטערן
צעגליען זיך אין אַ שימערנדיקער פּראַכט.

זיי האַלטן, ווי מיט גילדענע שפּיזן, וואַך
פאַרן הימל־פּאַלאַץ, עס זאָל קיינער שטערן
די רו פון גאָט און בלייבן זאָל פאַרמאַכט
זיין טויער, פאַר אַ וועלט פון בלוט און טרערן.

ביז, פּלוצים, בליט אַפיר פונעם בלאָען היכל
די לבנה; און איר זילבער־פּאַליע קוועלט,
צעגיסט זיך אויף דעם חשכות פון דער וועלט . . .

באַווייזט זיך, אויפן ליכטיקן שטערנגעצעלט,
ווי שוועבנדיק אין היילקער הימל־קעלט,
די שיין פון גאָט׳ס טיף־ווייסנדיקן שמייכל! . . .

## וועלט-ממשלה!

לאָז מיך דערקענען, בעת צו דיר דערהייבן
זיך די געדאַנקען, גאָט, אומענדלעך הויך
און די צעבונדענע מחשבות שוועבן
העט, איבערן גרענעץ פון אַ מענטשנס מוח,

אַז ס׳איז קיין שפּיל פון מיין צעהיצטן כוח,
ניט פון מיין גאווה אַ פאַרמאָסטן שטרעבן,
אַז ס׳האָט ניט כבוד, מיט אַ טונקעלען רויך,
דעם רודף־כבוד׳ס בליק אַרומגעגעבן . . .

אַז ס׳איז, חלילה, ניט קיין שטן׳ס תקלה,
אַז די כוונה, גאָט, וואָס דיר געפעלט,
איז: אונטערטעניק ווערן זאָל די וועלט,

אַ בענקעלע, צו דיינע פיס געשטעלט,
משעובד צו דיין קיניגליכן צעלט,
צום הייליקן סצעפּטער פון דיין וועלט־ממשלה!

# השתפכות

ערשט בעת עס פלייצט דער שטראָם פון פינצטערנישן,
אין ים פון טונקלקייטן, טיף, געדיכט,
ערשט איינגעזונקען אין די שוואַרצע פלושן,
ווערט, אויף אַ רגע, דער נשמה רעכט . . .

דערווייטערט פונעם ברויזנדיקן ליכט,
דעם לעבנס זיס־פאַרפירערישן לצנות,
ווערט זי — אַ נאַכט־בלום — ווידער אויפגערעכט
און וועקט זיך אויף צו ווייטיק און רחמנות . . .

ווענד זי זיך צו, גאַנץ נאַנט, צו דעם פורענות,
איז זיך משתתף מיט די טייכן בלוט
פון אונדזערע פאַרהייליקטע קרבנות
און פילט, מיט זיי, דעם ברענענדיקן שניט

פון גאָט׳ס אומ׳ברחמנות׳דיקער רוט . . .
און דער פאַרציימטער צער, די ביטערנישן,
זיי ווערן הייס געווין, אַ טרייסט און גוט
און גליק כמעט, די טרערן צו פאַרווישן

און צו באַגראָבן זיך אין פינצטערנישן! . . .

